פנחס רודאָי
(פיני בעל-לשון)

# אונזער תורה

## און

## אונזערע שענסטע אגדות

פאַר שול און הויז

חומש במדבר
(פירטער טייל)

היברו פאבלישינג קאמפאני
632-34 בראדוויי, ניו יארק
1935

## די צען סדרות פון במדבר:

א) במדבר
ב) נשוא
ג) בהעלותך
ד) שלח
ה) קורח
ו) חוקת
ז) בלק
ח) פינחס
ט) מטות
י) מסעי

---

מעשיות און לעגענדעס פון די מדרשים

---

העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

# אינהאַלט

## סדרה במדבר:

זייט



### מעשיות און לעגענדעס:



## סדרה נשוא:



### מעשיות און לעגענדעס:

---

## סדרה בהעלותך:



### מעשיות און לעגענדעס:



---

## סדרה שלח:

## מעשיות און לעגענדעס:



---

# סדרה קורח:



## מעשיות און לעגענדעס:



---

## סדרה חוקת:



### מעשיות און לעגענדעס:



---

## סדרה בלק:



### מעשיות און לעגענדעס:

## סדרה פינחס:



### מעשיות און לעגענדעס:



## סדרה מטות:



### מעשיות און לעגענדעס:

## סדרה מסעי:



### מעשיות און לעגענדעס:



——:: ——

סדרה

# במדבר

(אין מדבר)

## גאָט הייסט ציילן דאָס פאָלק.

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן אין מדבר סיני, אין אוהל-מועד, אין ערשטן טאָג פונם צווייטן חודש (אייר), אין צווייטן יאָר נאָך זייער אַרויסגיין פון לאַנד מצרים.

(דעם ערשטן טאָג פונם ערשטן חודש (ניסן), אין דעמדאָזיקן יאָר, איז דער משכן אויפגעשטעלט געוואָרן. דעם גאַנצן חודש ניסן האָט גאָט איבערגעגעבן משה'ן אַלע דינים, וואָס זיינען פאַרשריבן געוואָרן אין חומש ויקרא (תורת כהנים). און נאָכדעם האָט גאָט געהייסן איבערציילן דאָס פאָלק און צוגרייטן עס צו גיין ווייטער, ביז ער וועט די אידן ברייגנען אין דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד כנען).

און גאָט האָט געזאָגט:

— צייל איבער אַלע אידן, לוי̇ט זייערע משפחות און לויט זייערע פאַמיליע-הייזער, נאָך דער צאָל פון די נעמען, יעדן מאַנסביל באַזונדער (לויט זייערע קעפּ).

פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער. איטליכען, וואָס איז שוין דערוואַקסן צו גיין אין דער אַרמיי (חיל), זאָלט איר ציילן לויט זיי-ערע לאַגערן, דו און אהרן.

און מי̇ט אייך זאָלן זיך אויך באַטייליקן צו איין מענטש פון יעדן שבט. דער עלטסטער (נשיא) פון שבט.

און דאָס זיינען די נעמען פון די מענטשן, וואָס זאָלן מיט אייך שטייען:

פון שבט ראובן — אליצור בן שדיאור;

פון שבט שמעון — שלומיאל בן צורישדי;

פון שבט יהודה — נחשון בן עמינדב;

פון שבט יששכר — נתנאל בן צוער;

פון שבט זבולון — אליאָב בן חלון;

פון שבט אפרים — אלישמע בן עמיהוד;

פון שבט מנשה — גמליאל בן פדהצור;

פון שבט בנימין — אבידן בן גדעוני;

פון שבט דן — אחיעזר בן עמישדי;

פון שבט אשר — פגעיאל בן עכרן;

פון שבט גד — אליסף בן דעואל;

פון שבט נפתלי — אחירע בן עינן.

אָט דידאָזיקע זיינען געוועזן די עלטסטע פון די שבטים, וואָס פלעגן גערופן ווערן צו אַלע פאַרזאַמלונגען פון דער עדה.

און משה און אהרן האָבן גענומען די אַלע מענער, וואָס זיינען אָנגערופן מיט די אויבנדערמאָנטע נעמען, און זיי האָבן איינגעזאַמלט די גאַנצע עדה אין ערשטן טאָג פון צווייטן חודש, און זיי האָבן פאַרשריבן דעם געבורט פון יעדן מאַן פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, לויט זייערע משפחות, אַזוי ווי גאָט האָט אָנגעזאָגט משה'ן.

און ער האָט זיי אַלע געציילט אין מדבר סיני, לויט זייערע שבטים.

פון ראובן זיינען געוועזן זעקס און פערציק טויזנט און פינף הונדערט.

פון שמעון זיינען געוועזן ניין און פופציק טויזנט און דריי הונדערט.

פון גד זיינען געווען פינף און פערציק טויזנט און זעקס הונדערט און פופציק.

פון יהודה זיינען געווען פיר און זיבעציק טויזנט און זעקס הונדערט.

פון יששכר זיינען געווען פיר און פופציק טויזנט און פיר הונ־דערט.

פון זבולון זיינען געווען זיבן און פופציק טויזנט און פיר הונ־דערט.

פון אפרים זיינען געווען פערציק טויזנט און פינף הונדערט.

פון מנשה זיינען געווען צוויי און דרייסיק טויזנט און צוויי הונדערט.

פון בנימין זיינען געווען פינף און דרייסיק טויזנט און פיר הונ־דערט.

פון דן זיינען געווען צוויי און זעכציק טויזנט און זיבן הונדערט.

פון אשר זיינען געווען איין און פערציק טויזנט און פינף הונ־דערט.

פון נפתלי זיינען געווען דריי און פופציק טויזנט און פיר הונ־דערט.

און אַלע געציילטע זיינען געווען אינאיינעם זעקס הונדערט און דריי טויזנט און פינף הונדערט און פופציק.

און שבט לוי איז צווישן זיי ניט געציילט געוואָרן.

* * * *

## די לויים ווערן באַשטימט אַלס הייליקע באַדינער.

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:

— דעם שבט לוי, אָבער, זאָלסטו ניט ציילן צווישן אַלע קינדער פון ישראל. נאָר דו זאָלסט באַשטימען די לויים איבער דעם משכן פון געזעץ, און איבער אַלע זיינע כלים, זיי זאָלן טראָגן דעם משכן און זיינע כלים און זיי זאָלן אים באַדינען, און אַרום דעם משכן זאָלן זיי שטענדיק לאַגערן.

ווען דער משכן וועט דאַרפן ציען זאָלן אים די לויים אַראָפּ־נעמען; און ווען ער וועט דאַרפן רוען, זאָלן זיי אים אויפשטעלן. און דער פרעמדער, וואָס וועט גענענען צו דערדאָזיקער אַרבייט, זאָל געטויט ווערן.

נאָר די לויים זאָלן היטן דעם משכן פון געזעץ, און עס זאָל ניט זיין קיין צאָרן אויף די אידן.

און די אידן האָבן אַלץ געטאָן, ווי גאָט האָט באַפוילן משה'ן.

* * * *

## די לאַגערן און זייערע פאָנען.

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן און צו אהרנ'ען, אַזוי צו זאָגן:

— איטליכער ביי זיין פאָן, לויט די צייכענס פון זייערע פאַמיליע־הייזער, זאָלן די אידן לאַגערן, אַקעגנאיבער, אַרום דעם אוהל־מועד, לויט דעמדאָזיקן סדר:

א) אין מזרח־זייט: די פאָן פון דעם לאַגער פון יהודה (דגל מחנה יהודה, אויף וועלכער עס איז געווען אויסגעמאָלט אַ לייב). ביי דערדאָזיקער פאָן האָבן געלאַגערט די דריי שבטים: יהודה, זבולון און יששכר מיט זייערע דריי נשיאים.

און אַלע אינאיינעם וואָס האָבן געלאַגערט אונטער יהודה'ס

פאַן זיינען געווען הונדערט און זעקס און אכציק טויזנט און פיר הונדערט, — און זיי האָבן געצויגן צוערשט.

ב) אין דרום זייט: די פאַן פון דעם לאַגער פון ראובן (דגל מחנה ראובן, אויף וועלכער עס איז געווען אויסגעמאָלט א מענטש). ביי דערדאַזיקער פאַן האָבן געלאַגערט די דריי שבטים ראובן, שמעון און גד מיט זייערע דריי נשיאים.

און אַלע אינאיינעם, וואָס האָבן געלאַגערט אונטער ראובן׳ס פאַן, זיינען געווען הונדערט און איין און פופציק טויזנט און פיר הונדערט און פופציק, — און זיי האָבן געצויגן די צווייטע.

ג) אין מערב־זייט: די פאַן פון דעם לאַגער פון אפרים (דגל מחנה אפרים, אויף וועלכער עס איז געווען אויסגעמאָלט אַן אָקס). ביי דערדאַזיקער פאַן האָבן געלאַגערט די דריי שבטים אפרים, בנימין און מנשה מיט זייערע דריי נשיאים.

און אַלע אינאיינעם, וואָס האָבן געלאַגערט אונטער אפרים׳ס פאַן, זיינען געווען הונדערט און אכט טויזנט און הונדערט; — און זיי האָבן געצויגן די דריטע.

ד) אין צפון־זייט: די פאַן פון דעם לאַגער פון דן (דגל מחנה דן, אויף וועלכער עס איז געווען אויסגעמאָלט אַ שלאַנג). ביי דער־דאַזיקער פאַן האָבן געלאַגערט די דריי שבטים דן, אָשר און נפתלי מיט זייערע דריי נשיאים.

און אַלע אינאיינעם, וואָס האָבן געלאַגערט אונטער דן׳ס פאַן, זיינען געווען הונדערט און זיבן און פופציק טויזנט און זעקס הונ־דערט, — און זיי האָבן געצויגן צו לעצט.

יעדער פאַן איז געווען פון דעמזעלבן קאָליר, וואָס ס׳האָט גע־האַט דער עדלשטיין פון יענעם שבט אין חושן.

דער אוהל־מועד מיט דער מחנה פון די לויים איז געגאַנגען אינ־מיטן.

און אַזוי האָבן די אידן געלאַגערט און געצויגן לויט זייערע משפחות, און ביי זייערע פאַנען, אַזוי ווי גאָט האָט אָנגעזאָגט משה׳ן.

* * * *

# דער פּלאַן פון די לאַגערן אַרום אוהל-מועד

**מזרח**



דגל מחנה יהודה

יהודה - זבולון - יששכר =186400

74600 57400 54400

**דרום**



דגל מחנה ראובן

ראובן - שמעון - גד =151450

46500 59300 45650

**צפון**

דגל מחנה דן

דן - אשר - נפתלי =157600

62700 41500 53400

אהרן-משה-כהנים

משפחת בני קהת 2750

משפחת בני מררי 3200

משפחת בני גרשון 2630




אפרים - מנשה - בנימין =108100

40500 35400 32200

דגל מחנה אפרים

**מערב**

## די געשיכטע פון אהרנ׳ס קינדער

און דאָס זיינען די נעמען פון אהרנ׳ס זין: דער בכור נדב, און אביהוא, אלעזר און איתמר.

דאָס זיינען געווען די געזאַלבטע כהנים, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן צו טאָן די כהונה.

נדב און אביהוא זיינען געשטאָרבן, דערפאַר וואָס זיי האָבן מקריב געווען פרעמד פייער פאַר גאָט, וואָס ער האָט זיי ניט באַפוילן. און קיין קינדער האָבן זיי ניט איבערגעלאָזט.

און אלעזר מיט איתמר׳ן זיינען געבליבן צו טאָן די כהונה לעבן זייער פאָטער אהרנ׳ען.

* * * *

## די בכורים ווערן פאַרביטן אויף לויים

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— שטעל אַוועק דעם שבט לוי פאַר אהרן הכהן, און זיי זאָלן אים באַדינען. זיי זאָלן אָפּהיטן דעם אוהל־מועד און טאָן די אַרבעט פון משכן. אַוועקגעגעבן זיינען זיי געוואָרן צו אהרנ׳ען און צו זיינע זין!

און אהרנ׳ען און זיינע זין זאָלסטו באַפעלן, אַז זיי זאָלן אָפּהיטן זייער כהונה און אַ פרעמדער, אַפילו א לוי, אַז ער וועט גענענען צו טאָן אַרבעט אויפ׳ן מזבח, זאָל ער געטויט ווערן.

די לויים האָב איך גענומען פון צווישן די אידן אָנשטאָט די בכורים. וואָרים צו מיר געהערט יעדער בכור. אין יענעם טאָג, ווען איך האָב געשלאָגן יעדן בכור אין לאַנד מצרים, האָב איך געהייליקט אַלע בכורים צו מיר, אַלע אידישע בכורים פון אַ מענטשן ביז אַ בהמה.

(די בכורים פלעגן ביז דאַמאָלט טאָן אַלע הייליקע אַרבעטן. נאָר

נאָך דער זינד מיט׳ן "עגל הזהב" זיינען די בכורים פאַרביטן געוואָרן אויף די לויים, ווייל דער שבט לוי האָט ניט געדינט צום גאָלדענעם קאַלב).

* * * *

## די צאָל פון די לויים און זייערע לאַגערן

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן אין מדבר סיני, אַזוי צו זאָגן:

— צייל איבער דעם שבט לוי לויט זייערע פאַמיליע-הייזער און משפחות, יעדן מאַנסביל (זכר) פון אַ חודש אַלט און העכער זאָלסטו ציילן.

און משה האָט זיי געציילט, אַזוי ווי גאָט האָט אים באַפוילן. דער שבט לוי איז באַשטאַנען פון דריי הויפּט-משפחות: גרשון, קהת און מררי.

די משפחה פון גרשון (משפחת הגרשוני) האָט געהאַט זיבן טויזנט און פינף הונדערט מאַנספּאַרשוינען פון אַ חודש אַלט און העכער. און זיי האָבן געלאַגערט הינטער דעם משכן צו מערב זייט.

די משפחה פון קהת (משפחת הקהתי) האָט געהאַט אַכט טויזנט און זעקס הונדערט מאַנספּאַרשוינען פון אַ חודש אַלט און העכער. און זיי האָבן געלאַגערט ביי דער זייט פון משכן צו דרום זייט.

די משפחה פון מררי (משפחת המררי) האָט געהאַט זעקס טויזנט און צוויי הונדערט מאַנספּאַרשוינען פון אַ חודש אַלט און העכער. און זיי האָבן געלאַגערט ביי דער זייט פון משכן צו צפון זייט.

אַלע געציילטע פון די לויים זיינען געווען צוויי און צוואַנציק טויזנט.

* * * *

# דאָס אויסלייזונג פון די בכורים
## (פדיון הבכורים)

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— צייל איבער אלע ערשט געבוירענע מאנסבילען פון די אידן, פון א חודש אלט און העכער, און נעם אויף די צאָל פון זייערע נעמען.

און דו זאָלסט נעמען פאַר מיר, גאָט, די לוים אָנשטאָט די בכורים; און אויך די בהמות פון די לוים אָנשטאָט די בכורים פון די בהמות צווישן די אידן.

און משה האָט איבערגעציילט, אַזוי ווי גאָט האָט אים באַפוילן. און אַלע בכורים פון די אידן זיינען געווען צוויי און צוואַנציק טויזנט און צוויי הונדערט און דריי און זיבעציק.

און משה האָט אויסגעלייזט איטליכן בכור פון די אידן מיט אַ לוי אויף זיין אָרט. און עס זיינען געבליבן צוויי הונדערט און דריי און זיבעציק בכורים ניט אויסגעלייזטע, וואָרים עס זיינען שוין מער קיין לויים פאַר זיי ניט געווען.

האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן:

— דו זאָלסט נעמען פון יעדן ניט־אויסגעלייזטן בכור צו פינף הייליקע שקלים פון אַ קאָפּ, און דו זאָלסט דאָס געלט אַוועקגעבן צו אהרנ'ען און צו זיינע זין, די כהנים. (פדיון הבן).

און משה האָט אַזוי געטאָן, ווי גאָט האָט אים באַפוילן. ער האָט גענומען דאָס אויסלייזגעלט, טויזנט און דריי הונדערט און פינף און זעכציק הייליקע שקלים, און האָט עס אַוועקגעגעבן צו די כהנים.

———: :———

# מעשיות און לעגענדעס

## 1.

### די מדה פון באַשיידנקייט (צניעות)

"און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן אין מדבר סיני, אין אוהל מועד"...

איידער עס איז געווען אַ משכן האָט גאָט גערעדט צו משה'ן אינדרויסן: פון אָנהויב — ביים דאָרן; נאָכדעם אין מדין; שפּעטער אין מצרים; צו לעצט ביים באַרג סיני, — און אומעטום אונטער'ן פרייען הימל אָן אַ צודעק.

נאָר באַלד ווי דאָס משכן איז אויפגעשטעלט געוואָרן, האָט גאָט געזאָגט:

— איצט, משה, איז שוין די צייט פאַר צניעות (באַשיידנקייט)! פון איצט אָן וועל איך מיט דיר רעדן ניט אינדרויסן, נאָר אינעוויניג פאַרבאָרגן!

און ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן מיט משה'ן אין אוהל מועד

דערפון האָבן די חכמים געדרונגען, אַז אויב איינער וויל לערנען דעם צווייטן, טאָר ער דאָס ניט טאָן מיט גאוה, מיט שטאָלץ פאַר אַלעמען אין די אויגן, נאָר מיט צניעות, מיט באַשיידנקייט, זיצנדיק פאַרבאַהאַלטן אין אַ חדר, וואו קיינער זאָל זיי ניט זען.

דאָס זעלבע אויך, ווען איינער לערנט אַליין, טאָר ער דאָס אויך ניט טאָן פאַר אַלעמען אין די אויגן, כדי צו גרויסן זיך.

און דערויף האָבן די חכמים געזאָגט אַ שפּריכוואָרט:

"העוסק בתורה מבפנים, תורתו מכרזת עליו מבחוץ"... ווער

עס לערנט תורה פאַרבאָרגן אינעווייניג, מאַכט זי אים שפּעטער ממילא באַקאַנט אומעטום אינדרויסן...

* * * *

2.

## די קנאה פון די פעלקער

ווען די אידן האָבן געצויגן אין מדבר מיט זייערע מחנות און מיט זייערע פאָנען און מיט דעם משכן אינמיטן, האָבן אַלע פעלקער זיי נאָכגעקוקט מיט קנאָה און האָבן זיך געוואונדערט:

— זעט נאָר, אַט דאָסדאָזיקע פאָלק, איז נאָר וואָס געווען פאַרשקלאַפּט אין מצרים ביי פּרעה׳ן, און איצט מאַרשירט עס, אַזוי פריי און זיכער, און זיין נאָמען איז אַזוי שטאַרק דערהויבן געוואָרן!

האָבן די אידן געענטפערט:

— איר פעלקער, וואונדערט זיך אויף אונזער גרויסקייט? מיר אַליין וואונדערן זיך אויך דערויף! נאָר ווי ס׳ווייזט זיינען מיר דאָס ווערט געווען, ווייל יעדערער ווערט דערהויבן אָדער דערנידעריקט לויט זיין אייגענעם פאַרדינסט!

די חכמים האָבן דערציילט דערויף אַ מעשה:

אַמאָל איז געווען אַ שניידער אין ציפּורין מיט׳ן נאָמען יוסטא. איז יוסטא געפעלן געוואָרן דעם קעניג, און ער האָט אים זייער ליב באַקומען.

האָט איינמאָל דער קעניג געזאָגט צו יוסטאַ׳ן:

— יוסטא מיין ליבער! בעט ביי מיר די בעסטע זאַך, און איך וועל באַלד טאָן דיין ווילן!

האָט יוסטא דער שניידער אַ טראַכט געטאָן און געזאָגט:

— מאַך מיר, ליבער קעניג, פאַר אַ דוכס (דיוק) איבער׳ן גאַנצן געגנט פון ציפּורין!

און אַז דער שניידער איז געוואָרן אַ דוכס, און ער פלעגט אַרוים־גיין אין גאַס אָנגעטאָן אין זיינע קעניגליכע קליידער, פלעגן אים מענטשן נאָכקוקן מיט קנאה און זיך וואונדערן:

— זעט נאָר, אַט דערדאָזיקער יוסטא דער שניידער, איז נאָר וואָס געווען אַן אָרימאַן, און איצט איז ער אַזוי דערהויבן געוואָרן!

האָט יוסטא זיך אָפּגעשטעלט, און געענטפערט מיט אַ שמייכעל:

— איר, מענטשן, קוקט מיך אָן און וואונדערט זיך אויף מיין גרויסקייט? איך אַליין וואונדער זיך אויך דערויף! נאָר ווי ס'ווייזט אוים בין איך דאָס ווערט געווען, וואָרים לויט זיינע מעשים באַקומט איטליכער זיין לוין!...

* * * *

3.

## דער נס מיט די פייער-פונקען

ווען די אידן האָבן געצויגן אין מדבר פלעגט דער אָרון מיט די לוחות געטראָגן ווערן פאָראוים זיי.

און אַ נס איז געשען מיט'ן אָרון איבער'ן גאַנצן וועג:

ווי נאָר די מחנות האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין, פלעגט פון די ביידע שטאַנגען פון אָרון אַרויסקומען צוויי שטאַרקע פייער־פונקען, און דידאָזיקע פונקען פלעגן פאַרברענען אַלע גיפטיקע שלאַנגען און עקדישן פון אַרום דעם לאַגער און פלעגן אויך די אידישע שונאים ניט לאָזן צוקומען נאָהענט.

——— : : ———

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באַנוצט אין אידיש)

**קרואי העדה** (די גערופענע פון דער עדה; חשוב׳ע מענטשן, וואָס מ׳רופט זיי צו יעדער פאַרזאַמלונג).

מ׳זאָגט אויך: "די פּני"; די שבעה טובי העיר": די "יקירי קרתא".

**איש על מחנהו ואיש על דגלו** (איטליכער ביי זיין לאַגער און איטליכער ביי זיין פאָן).

אָנשטאָט: "איטליכער אויף זיין אָרט".



——::——




## די אַרבעט פון די לויים

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן און צו אהרנ'ען, אַזוי צו זאָגן:

— נעם אויף די צאָל פון די בני־קהת פון צווישן די לויים, לויט זייערע משפחות און זייערע פאַמיליע־הייזער. פון דרייסיק יאָר אַלט און העכער ביז פופציק יאָר, איטליכער וואָס קאָן קומען דינען, צו טאָן אַרבעט אין אוהל־מועד. און דאָס איז די אַרבעט פון די בני־קהת אין אוהל־מועד: זיי זיינען באַשטימט צו טראָגן דעם אָרון און אַלע כלים, די הייליקסטע הייליגקייטן.

און אויף זיי זאָל אַכטונג געבן אלעזר בן־אהרן הכהן.

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:

— נעם אויף די צאָל אויך פון די בני־גרשון, לויט זייערע משפחות און זייערע פאַמיליע־הייזער. פון דרייסיק יאָר אַלט און העכער ביז פופציק יאָר, איטליכער וואָס קאָן קומען דינען, צו טאָן אַרבעט אין אוהל־מועד. און דאָס איז די אַרבעט פון די בני־גרשון: זיי זיינען באַשטימט צו טראָגן און צו היטן די פאָרהאַנגען און דעם משכן.

און אויך די בני־מררי זאָלסטו ציילן לויט זייערע משפחות און זייערע פאַמיליע־הייזער. פון דרייסיק יאָר אַלט און העכער ביז פופציק יאָר, איטליכער וואָס קאָן קומען דינען, צו טאָן אַרבעט אין אוהל־מועד. און דאָס איז די אַרבעט פון די בני־מררי: זיי זיינען

באַשטימט צו טראָגן די ברעטער און די ריגלען און די זיילן און די שוועלן און די פלעקער און די שטריק פון משכן און פון הויף.

און אויף די בני־גרשון און די בני־מררי זאָל אַכטונג געבן איתמר בן אהרן הכהן.

און די צאָל פון אַלע לויים, די באַדינער, איז געווען אַכט טויזנט און פינף הונדערט און אַכציק.

* * * *

## אַרויסשיקונג פון די אומריינע

(נאָכדעם ווי די מחנות זיינען שוין געווען איינגעאָרדענט לויט זייערע פאָנען און זייערע שבטים, האָט מען באַדאַרפט אַכטונג געבן, אַז זיי זאָלן זיך האַלטן ריין און קיינע אָנשטעקעדיקע קראַנקהייטן זאָלן דאָרטן ניט פאַרשפּרייט ווערן.

דרייערליי מחנות זיינען דאָרטן געווען אין דער צייט, ווען זיי האָבן גערוט: אינעווייניק פון די פאָרהאַנגען איז געווען די מחנה פון דער שכינה, "מחנה שכינה"; אַרום־און אַרום, וואו די לויים האָבן גערוט, איז געווען די "מחנה לויה"; און פון דאָרטן אַרום־און־אַרום ביז צו די פאָנען איז געווען די "מחנה ישראל").

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:

— באַפעל די אידן, אַז זיי זאָלן אַרויסשיקן פון דער מחנה (לאַגער) יעדן קרעציקן (מצורע), און יעדן רינענדיקן (זב), און יעדן וואָס איז אומריין (טמא) פון אַ מת.

סיי אַ זכר און סיי אַ נקבה זאָלט איר אַרויסשיקן אויסן לאַגער, כדי זיי זאָלן ניט פאַראומרייניקן זייערע מחנות, וואָס איך רו צווישן זיי.

האָבן די אידן אַזוי געטאָן, און זיי האָבן באַלד אַרויסגעשיקט אַלע אומריינע אויסן לאַגער, אַזוי ווי גאָט האָט גערעדט צו משה'ן.

* * * *

## דין וועגן פעלשונג

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:
— רעד צו די אידן, און לערן זיי, אַז אויב אַ מאַן אָדער אַ פרוי וועלן טאָן עפּיס אַ מענטשליכע זינד, וואָס דאָס איז אַ פעלשונג אין גאָט, און יענע זעל וועט זיך פאַרשולדיקן. זאָלן זיי זיך מתוודה זיין אויף זייער זינד, וואָס זיי האָבן געטאָן, אַלס אַ סמן פון חרטה; און דער שולדיקער זאָל אומקערן די פולע פּרייז (די ווערט פון דעם פקדון, אָדער משכון, אָדער אבדה), און נאָך צולייגן דערצו אַ פינפטל פונם קרן, און ער זאָל עס אָפּגעבן צו דעם, קעגן וועמען ער האָט זיך פאַרשולדיקט.
און אויב יענער איז געשטאָרבן און ער האָט ניט איבערגעלאָזט קיין גואל און קיין קרוב, אַלס יורש, און עס איז ניטאָ צו וועמען אומצוקערן דאָס געלט, זאָל דער שולדיקער אומקערן דאָס געלט צום כהן, וואָס דינט פאַר גאָט, — אַ חוץ דעם ווידער (באַראַן) פון פאַרגעבונג, (קרבן אשם), וואָס ער דאַרף ברייננגען צום כהן אויף צו פאַרגעבן.
און יעדע אָפּשיידונג (תרומה, נדבה), וואָס אידן וועלן אָפּשיידן צו גאָט פון אַלע געהייליקטע זאַכן, און זיי וועלן ברייננגען צום כהן, זאָל עס געהערן צו יענעם כהן.
און איטליכער קאָן געבן זיינע געהייליקטע זאַכן צו וועלכן כהן ער אַליין וויל, עס איז דאָך זיינס, אייגנס; אָבער ווען ער גיט עס אַוועק צום כהן, געהערט עס צום כהן אַליין.

* * * *

## דין וועגן אַן אומערליכע פרוי (סוטה)

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:
— רעד צו די אידן, און זאָג זיי, אַז ווען אַ מאַן פאַרדעכטיקט זיין ווייב אין אומערליכקייט, אַז זי פאַלשט אין אים, און קיין עדות

דערויף האָט ער ניט, און מע האָט זי ניט געכאַפּט מיט קיין זינד, און ער ווערט אײפערזיכטיק אויף איר, און מע ווייסט ניט, צי זי איז ריין אָדער אומריין.

זאָל דער מאַן ברײנגען זיין פרוי צום כהן. און ער זאָל ברײנגען איר קרבן מיט איר: אַ צענטל־איפה גערשטן־מעל; ער זאָל ניט אַרויפגיסן דערויף קיין בוימל, און ניט אַרויפטאָן קיין ווייראויך, וואָרים דאָס איז נאָר אַ שפּייז־אָפּפער פון אײפערזוכט, וואָס דערמאָנט אָן אַ זינד.

און דער כהן זאָל צופירן די פרוי נאָענט צום מזבח פאַר גאָט. און ער זאָל נעמען הייליקע וואַסער אין אַ ליימענער כלי, און ער זאָל נעמען פונם שטויב, וואָס אויף דער ערד פון משכן, און אַרײנטאָן אין דעם וואַסער. און ער זאָל צעשויבערן דעם קאָפּ פון דער פרוי, און אַרויפלייגן אויף אירע הענט דעם קרבן־מנחה, און אין דעם כהנ׳ס האַנט זאָל זיין דאָס וואַסער פון ביטערניש, וואָס מאַכט פאַרשאָלטן (מים המאָררים).

און דער כהן זאָל זי באַשווערן און זאָגן צו דער פרוי: "אויב דו ביזט אומשולדיק, און דו האָסט ניט אָפּגעקערט פון ערליכן וועג, און דו ביזט ניט געווען אומטריי צו דיין מאַן, זאָלסטו זיין ריין פון שטראָף, און דאָסדאָזיקע וואַסער זאָל דיר ניט שאַדטן; אָבער אויב דו ביזט שולדיק, און דו האָסט יאָ אָפּגעקערט פון ערליכן וועג, און דו ביזט יאָ געווען אומטריי דיין מאַן, זאָל דיך גאָט מאַכן פאַר אַ קללה צווישן דיין פאָלק, דיינע דיכן זאָלן דיר איינפאַלן, און דיין בויך זאָל געשוואָלן ווערן פון דעמדאָזיקן וואַסער, וואָס מאַכט פאַר־שאָלטן!" און די פרוי זאָל זאָגן: "אָמן! אָמן!"

און דער כהן זאָל אָנשרייבן דידאָזיקע קללות אויף אַ ספר, און ער זאָל אָפּמעקן אין דעם וואַסער פון ביטערניש, און זאָל עס געבן דער פרוי צו טרינקען.

און נאָכדעם זאָל דער כהן נעמען פון דער פרוי׳ס האַנט דעם שפּייז־אָפּפער פון אײפערזוכט, און ער זאָל אים אויפהויבן פאַר גאָט, און ער זאָל אים מקריב זיין אויפ׳ן מזבח.

און עס וועט זיין: אויב די פרוי איז געווען אומטריי צו איר מאַן, וועט דאָס ביטערע וואַסער, וואָס מאַכט פאַרשאָלטן, געשוואָלן מאַכן איר בויך און מאַכן איינפאַלן אירע דיכן; און אויב די פרוי איז ריין פון זינד, וועט איר דאָס וואַסער ניט שאַדטן.

* * * *

## דין וועגן אַן אָפּגעשיידטן מענטשן (נזיר)

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— רעד צו די אידן און דו זאָלסט זיי זאָגן, אַז אויב אַ מאַן אָדער אַ פרוי וועט זיך אָפּשיידן צו טאָן אַ נדר פון אַ נזיר (וועט פאַרשפּרעכן צו זיין אָפּגעשיידט פון אַלע מענטשליכע פאַרגעניגנס, ווי אַ הייליקער), און לעבן נאָר פון גאָט׳ס וועגן.

זאָל ער זיך פון וויין און שטאַרקער משקה אָפּשיידן; קיין וויין־עסיק און אַנדער משקה־עסיק, און קיין טרויבן־זאַפט, זאָל ער ניט טרינקען, און קיין פרישע אָדער געטריקענטע טרויבן זאָל ער ניט עסן.

אַלע טעג פון זיין נזירות (אָפּגעשיידקייט) זאָל ער ניט עסן פון קיין זאַך, וואָס ווערט געמאַכט פון וויינשטאָק, סיי פון קערנדלאַך און סיי פון שאָלעכץ.

אַלע טעג פון זיין נזירות זאָל ער זיך ניט גאָלן זיין קאָפּ, נאָר ער זאָל לאָזן וואַקסן זיינע האָר; ביז עס ווען זיך ענדיקן די טעג, אויף וויפיל ער האָט אַ נדר געטאָן צו גאָט, זאָל ער זיין הייליק.

צו קיין מת טאָר ער ניט אַריינקומען, און אַפילו צו זיין פאָטער און מוטער, צו זיין ברודער און שוועסטער, ווען זיי שטאַרבן, טאָר ער זיך ניט מטמא זיין (מאַכן אומריין דורך צורירן זיך), — וואָרים גאָט׳ס קרוין איז אויף זיין קאָפּ (ער מוז זיין הייליק און ריין).

און אויב עס שטאַרבט עמיצער לעבן אים פּלוצלינג, ווערט דער קאָפּ פון זיין נזירות טמא (אומריין). און נאָך זיבן טעג זאָל ער זיך

אָפּגאָלן זיין קאָפּ אין דעם טאָג וואָס ער ווערט ריין. און אויפ׳ן אַכטן טאָג זאָל ער ברייננגען צוויי טורטלטויבן אָדער צוויי יונגע טויבן צום כהן, צום איינגאַנג פון אָוהל-מועד; און דער כהן זאָל מאַכן איין טויב פאַר אַ "חטאת" און איין טויב פאַר אַן "עולה", און ער זאָל פאַר־געבן אויף אים (וואָרים ער האָט געזינדיקט דערמיט, וואָס ער האָט זיך ניט געהיט געגוג).

און ער זאָל ווידעראַמאָל זיך אָפּשיידן צו גאָט אויף דערזעלבער צייט, ווי פריהער. די ערשטע נזיר-טעג זיינע פאַלן אַראָפּ און ווערן ניט גערעכנט. און ער זאָל ברייננגען אַ יאָריקען שעפּס פאַר אַ "קרבן־אָשם", וואָרים זיין נזירות איז פאַראומרייניקט געוואָרן.

און דאָס איז דער דין, ווען עס ענדיקן זיך די טעג פון זיין נזירות: זאָל מען אים ברייננגען צום איינגאַנג פון אוהל-מועד, און ער זאָל מיטברייננגען איין שעפּס פאַר אַן "עולה", און איין שאָף פאַר אַ "חטאת", און איין ווידער (רעם) פאַר אַ "שלמים", און אויך דעם שפּייזאָפּפער (מנחה), וואָס געהערט צו זיי, און דער כהן זאָל אַלעס מקריב זיין פאַר גאָט.

און דער נזיר זאָל זיך אָפּגאָלן די האָר פון זיין קאָפּ, און ער זאָל זיי פאַרברענען אויפ׳ן פייער פון דעם שלמים.

* * * *

## בענטשונג פון די כהנים (ברכות-כהנים)

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— רעד צו אהרנ׳ען און צו זיינע זין, און זאָג זיי: **אַזוי זאָלט איר בענטשן די אידן, מיט די פאָלגענדע ברכות:**

"יברכך אדוני וישמרך"

(גאָט זאָל דיך בענטשן און דיך היטן).

"יאר אדוני פניו אליך ויחנך"

(גאָט זאָל דערלייכטן זיין פנים צו דיר און

זאָל דיך לייטזעליקן).
"ישא אדוני פניו אליך, וישם לך שלום"
(גאָט זאָל אויפהייבן זיין פנים צו דיר און
זאָל דיר געבן פרידן!)

און אַז זיי וועלן בענטשן די אידן מיט מיין נאָמען, וועל איך זיי בענטשן!

* * * *

## באַנייאונג פון מזבח (חנוכת המזבח)

און עס איז געווען, אַז משה האָט געענדיקט אויפצושטעלן דעם משכן, האָט ער אים געזאַלבט און געהייליקט אים מיט אַלע זיינע כלים, און דעם מזבח מיט אַלע זיינע כלים. (דאָס איז געווען דעם ערשטן טאָג אין ניסן, אין צווייטן יאָר נאָך דעם אַרויסגיין פון מצרים).

און די נשיאים פון די שבטים (די פירשטן), וואָס זיינען געשטאַנען ביי דעם ציילונג, זיינען צוגעקומען און האָבן געבראַכט זייערע מתנות פאַר גאָט, זעקס צוגעדעקטע וועגן און צוועלף רינדער: אַ וואָגן פאַר צוויי נשיאים, און אַן אָקס פאַר יעדן באַזונדער פון זיי.

האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:

— נעם צו פון זיי אַלץ וואָס זיי האָבן געבראַכט, און עס זאָל זיין צו דער דינסט פון אוהל-מועד, און זאָלסט עס געבן צו די לויים, איטליכן לויט זיין אַרבעט, צו טראָגן דעם משכן!

האָט משה גענומען זייער מתנה און האָט צעטיילט צו די לויים, לויט זייער אַרבעט: צוויי וועגן און פיר אָקסן צו די בני-גרשון; פיר וועגן און אַכט אָקסן צו די בני-מררי. נאָר צו די בני-קהת האָט ער גאָרניט געגעבן, וואָרים אויף זיי איז געווען די אַרבעט (צו טראָגן דעם אָרון, און דעם טיש, און די מנורה, און דעם גאָלדענעם מזבח, און אַלע זייערע כלים) פון די הייליקע זאַכן, צו טראָגן אויפ'ן אַקסל.

און די נשיאים האָבן געבראַכט זייער קרבן פאַר׳ן מזבח אין טאָג, וואָס ער איז געזאַלבט געוואָרן.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— איין נשיא יעדן טאָג זאָל ברענגען זיין קרבן פאַר דעם באַנייאונג פון מזבח!

איטליכנס קרבן איז געווען: אַ זילבערנע שיסל, וואָס האָט געוואויגן הונדערט און דרייסיק שקלים; אַ זילבערנער שפּרענגבעקן, וואָס האָט געוואויגן זיבעציק שקלים, — ביידע פול מיט זעמלמעל געמישט מיט אויל פאַר אַ מנחה; אַ גאָלדענע שאָל, וואָס האָט געוואויגן צען שקלים, פול מיט ווייררויך; איין יונגן אָקס, איין ווידער, איין יאָריקן שעפּס פאַר אַן עולה; איין ציגנבאָק פאַר אַ חטאת; און פאַר אַ שלמים: צוויי רינדער, פינף ווידערס, פינף בעק, פינף שעפּסן יאָריקע.

דעם ערשטן טאָג האָט מקריב געווען, נחשון בן עמינדב, דער נשיא פון שבט יהודה.

דעם צווייטן טאָג — נתנאל בן צוער, דער נשיא פון יששכר.

דעם דריטן טאָג — אליאָב בן חלון, דער נשיא פון זבולון.

דעם פירטן טאָג — אליצור בן שדיאור, דער נשיא פון ראובן.

דעם פינפטן טאָג — שלומיאל בן צורישדי, דער נשיא פון שמעון.

דעם זעקסטן טאָג — אליסף בן דעואל, דער נשיא פון גד.

דעם זיבעטן טאָג — אלישמע בן עמיהוד, דער נשיא פון אפרים.

דעם אַכטן טאָג — גמליאל בן פדהצור, דער נשיא פון מנשה.

דעם ניינטן טאָג — אבידן בן גדעוני, דער נשיא פון בנימין.

דעם צענטן טאָג — אחיעזר בן עמישדי, דער נשיא פון דן.

דעם עלפטן טאָג — פגעיאל בן עכרן, דער נשיא פון אָשר.

דעם צוועלפטן טאָג — אחירע בן עינן, דער נשיא פון נפתלי.

* * * *

## ווי אַזוי גאָט האָט גערעדט מיט משה'ן

אַז משה איז געקומען אין אוהל־מועד צו רעדן מיט גאָט, האָט ער געהערט דאָס קול, רעדענדיק צו אים, פון איבער דעם כפורת (דעק), וואָס אויפ'ן אָרון פון געזעץ, פון צווישן די צוויי כרובים.
אָט אַזוי האָט גאָט גערעדט צו אים.

—————:׃—————

# מעשיות און לעגענדעס

## 1.

## שיינקייט פון גייסט און שיינקייט פון קערפּער

שמעון הצדיק, דער כהן גדול, האָט דערציילט:

— אַמאָל איז צו מיר געקומען אַ יונגערמאַן אַ נזיר, וואָס האָט באַדאַרפט מקריב זיין אַ קרבן און אָפּגאָלן זיינע האָר, ווי דער דין איז.

איך האָב באַטראַכט דעם יונגענמאַן און געזען, אַז זיינע אויגן זיינען וואונדערליך שיין, זיין צורה איז שיינענדיק און זיינע האָר זיינען אין שיינע לאָקן געקרייזלט, און ער האָט מיך באַצויבערט מיט זיין שיינקייט.

האָב איך אים געפרעגט:

— זאָג מיר נאָר, מיין זון, פאַרוואָס ווילסטו ווערן אַ נזיר און מאַכן אַ תל פון דיין שיינקייט?

האָט ער מיר געענטפערט:

— **איך בין געווען אַ פּאַסטוך ביי מיין פאָטער. פלעג איך תמיד זיין פאַרנומען ביי די פי אין פעלד, און ווען נאָר איך האָב געהאַט פרייע צייט פלעג איך זיך נעמען לערנען און האָב געוואָלט שענער מאַכן מיין גייסט, מיין נשמה; וועגן מיין קערפּער און מיין צורה האָב איך זיך קיינמאָל ניט געזאָרגט.**

נאָר איין מאָל בין איך צוגעקומען צו אַ ברונעם מיט קרישטאָל-קלאָרע און ריינע וואַסער און איך האָב געוואָלט אָנשעפּן פאַר די פי. און פּלוצלינג האָב איך אין דעם וואַסער דערזען מיין שיינע צורה, ווי זי האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דאָרט. און פון דאַמאָלט אָן האָב איך שוין קיין רו ניט געהאַט. דער יצר-הרע האָט מיך שוין ניט אָפּגע-

לאָזט. ער האָט מיך געהאַלטן אין איין אָנרעדן צו זינד: "גיי, דו שיינער בחור, ווארף אַוועק די פּי, און וואוין צווישן גרויסשטעטיקע מענטשן! דאָרטן וועסטו גליקליך זיין, די רייכסטע טעכטער פון דער וועלט וועלן גלוסטן דיין שיינע צורה און דיין אויסגעטאָקטן קערפּער, און זיי וועלן דיך גליקליך מאַכן!"...

האָב איך ביי זיך באַשלאָסן צו טאָן דעם יצר-הרע אויף להכעיס: צו וואָס מאַכן שיין דעם קערפּער, וועלכער וועט אַמאָל סיי-ווי ווערן שטויב און די ווערים וועלן אים פרעסן? בעסער זאָל איך מאַכן שיין מיין גייסט, וועלכער קאָן בלייבן פאַר דער וועלט אויף אייביק! און דערום בין איך געוואָרן אַ נזיר, און איך וויל זיין אָפּגעשיידט נאָר פון גאָט'ס וועגן, ווי אַ הייליקער!...

שמעון הצדיק האָט אים געבענטשט פאַר זיין שטאַרקן ווילן און פאַר זיין גרויסן פאַרשטאַנד צו שטעלן דעם גייסט העכער פונם קער-פּער:

— הלואי זאָלן אַזוינע ווי דו זיך מערן צווישן ישראל, דו גע-בענטשטער פון גאָט!...

* * * *

2.

## גרויסקייט און ליידן

הלל הזקן, דער נשיא, האָט אַמאָל דערציילט זיינע תלמידים, אַזאַ משל:

— אַ שטיק נייע ליינען איז אַמאָל געליגן אויפ'ן טיש און האָט זייער שטאָלצירט מיט זיין ריינקייט און שיינקייט.

אַקעגן דעם נייען שטיק ליינען איז געליגן אַן אַלטער, אָפּגע-טראָגענער מאַנטל, און האָט זיך ווי געשעמט מיט זיין אָפּגעניצט-קייט.

האָט זיך דאָס נייע שטיק ליינען אָפּגערופן צום אַלטן מאַנטל:

— זע דעם חילוק צווישן מיר און דיר! פון מיר קאָן דער גרעס-

טער מענטש זיך אויפנייהען דאָס שענסטע קלייד, און פון דיר קאָן שוין קיינער מער קיין נוץ ניט האָבן!

אין עטליכע טעג אַרום האָט דער בעל־הבית גענומען דעם ליינען און דערפון אויפגענייהט זיך אַ פּאָר הויזן און ער האָט זיי אָנגעטאָן. און איבער די נייע הויזן האָט ער אָנגעטאָן דעם אַלטן מאַנטל.

האָבן די נייע הויזן זיך געפונען באַליידיקט און זיי האָבן אָנגע־הויבן צו זידלען דעם אַלטן מאַנטל:

— דו מיט אונז ביזט קיין פּאָר ניט! גיי אַוועק פון אונז!...

האָט דער מאַנטל געענטפערט מיט אַ שמייכעל:

— קוקט זיך איין גוט אין מיר, איר שטאָלצע הויזן, וועט איר זען, אַז איך פאַל ניט אַראָפּ פאַר אייך מיט מיין שיינקייט!

די ליינענע הויזן האָבן זיך איינגעקוקט, און דערזעענדיק, אַז דער מאַנטל איז עפּיס ווי ניי געוואָרן, האָבן זיי פאַרוואונדערט א פרעג געטאָן:

— ווי קומט דאָס, וואָס דו, שמוציקער מאַנטל, ביזט אַזוי דער־הויבן געוואָרן?

האָט דער מאַנטל געענטפערט:

— ווייסט איר וואָס מיט מיר האָט געטראָפן? פריער האָט מען מיך געבראַכט צום וועשער, וואו מ׳האָט מיך געקלאַפּט מיט שטע־קענס און גוט אויסגעקלאַפּט דעם שטויב פון מיר. נאָכדעם האָט מען מיך געקאָכט אין הייסע וואַסער מיט זייף. נאָכדעם האָט מען מיך געוואַשן אין קאַלטע וואַסער און געשווענקט אין לעבליכע. נאָכדעם האָט מען מיך געפּרעסט מיט הייסע אייזנס און אויסגעצויגן אויף רעמלאַך. און אָט אַזוי בין איך געוואָרן ווידער אַ שיינער, ריינער מאַנטל, און דער בעל־הבית האָט מיך אָנגעטאָן איבער אייך, נייע הויזן!...

די תלמידים האָבן פאַרשטאַנען דעם הויכן געדאַנק, וואָס ליגט באַהאַלטן אין דעמדאָזיקן משל, און זיי האָבן געזאָגט:

— יאָ, גרויסער רבי, מיר ווייסן דעם נמשל, אַז קיינער קאָן ניט ווערן גרויס, ביז ער ליידט ניט פריער אָסך! דו, אונזער רבי, האָסט

זיך אויך זייער פיל אָנגעליטן ביז דו ביזט געוואָרן בארימט און גרויס!...

האָט הלל הנשיא. געענטפערט:

— דער נמשל איז ניט וועגן מיר, נאָר וועגן די אידן: פריער האָבן זיך די אידן געפּלאָגט און געליטן אין מצרים, נאָכדעם פערציק יאָר אין מדבר, און ערשט נאָכדעם זיינען זיי געוואָרן אַ גרויס פאָלק...

* * * *

3.

## דער העלד נחשון

נחשון בן עמינדב, דער נשיא פון שבט יהודה, איז געווען דער גליקליכער צו זיין דער ערשטער אויף צו ברייגגען אַ קרבן אויפ'ן מזבח.

און דאָס איז געווען אַ באַלוינונג פאַר זיין העלדישקייט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן.

ווען די אידן זיינען געקומען צום ים, און פרעה איז זיי פון הינטן נאָכגעלאָפן, און זיי האָבן פאַר זיך ניט געזען קיין שום רעטונג, זיינען זיי געוואָרן שטאַרק דערשראָקן און פאַרצווייפעלט.

האָט משה זיך אַוועקגעשטעלט בעטן און שרייען צו גאָט נאָך הילף. און די נשיאים פון די שבטים האָבן זיך אָנגעהויבן צו קריגן צווישן זיך. קיינער פון זיי האָט ניט געוואָלט זיין דער ערשטער צו גיין אין ים אַריין. איטליכער האָט מורא געהאַט.

איז נחשון בן עמינדב אויפגעשפּרונגען מיט מוט און איז גלייך אריינגעלאָפן אין ים אַריין, און געזאָגט:

— קומט נאָך מיר! פאַרלאָזט זיך אויף גאָט, ער וועט אונז העלפן!...

און ווייל נחשון פון שבט יהודה איז געווען אַזאַ העלד, איז זיין שבט געוואָרן דער גרעסטער ביי די אידן.

———:‏:———

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באנוצט אין אידיש)

**קודש-הקדשים** (די הייליקסטע-הייליגקייטן).

מ'זאָגט אויך: "קדשי-קדשים".

**המים המאָררים** (די וואַסער, וואָס מאַכט פאַרשאָלטן).

**נזיר** (אַן אָפּגעשיידטער).

אַ נזיר רופט מען אַ מענטשן, וואָס זאָגט זיך אָפּ פון אַלע תענוגים פון דער וועלט.

"לעבן ווי אַ נזיר": פירן זיך ווי אַ הייליקער; זאָרגן זיך נאָר פאַר'ן גייסט און ניט פאַר'ן קערפּער.

**ברכות כהנים** (די ברכות פון די כהנים).

די ווערטער, וואָס די כהנים זינגען אין שול יעדן יום-טוב בעת זיי דוכנ'ען.

———:: ———




## אָנצינדונג פון דער מנורה

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— רעד צו אהרנ׳ען און דו זאָלסט אים זאָגן: אַז דו וועסט אָנ־צינדן די ליכט, זאָלן די זיבן פלאַמען זייערע לייכטן צו פאָרנט (פראָנט) פון דער מנורה.

האָט אהרן אַזוי געטאָן: צו פאָרנט פון דער מנורה האָט ער גע־מאַכט ברענען אירע ליכט.

* * * *

## רייניקונג פון די לויים

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— נעם די לויים פון צווישן די אידן, און מאַך זיי ריין. און אַזוי זאָלסטו זיי ריין מאַכן: שפּריץ אויף זיי וואַסער פון רייניקונג. און זיי זאָלן אָפּגאָלן די האָר פון זייער גאַנצן לייב, און זיי זאָלן וואַשן זייערע קליידער, און דאַמאָלט ווערן זיי ריין.

און זיי זאָלן נעמען אַ יונגן אָקס פאַר אַ קרבן־עולה, און צו אים דעם שפּייז־אָפּפער (מנחה) פון זעמלמעל געמישט מיט אייל; און אַ צווייטן יונגן אָקס זאָלסטו נעמען פאַר אַ קרבן־חטאת.

און דו זאָלסט זיי צופירן פאַר'ן אוהל־מועד, און דו זאָלסט דאָרטן איינזאַמלען די גאַנצע עדה פון די אידן.

און דו זאָלסט צופירן די לויים פאַר גאָט, און די אידן — דורך זייערע נשיאים און זקנים — זאָלן אָנלענען זייערע הענט אויף די לויים; און אהרן זאָל זיי אויפהייבן — דורכפירענדיק הין־און־צוריק — פאַר גאָט.

און דערנאָך זאָלן קומען די לויים צו באַדינען דעם אוהל־מועד אין דער עבודה פון גאָט.

פון פינף און צוואַנציק יאָר אַלט (פינף יאָר האָט זיך דער לוי געלערנט די אַרבעט) און העכער זאָל ער, דער לוי, קומען צו דינען אין אוהל־מועד. און ווען ער איז עלטער פון פופציק יאָר זאָל ער זיך אומקערן פון דער אַרבעט, און מער ניט דינען. ער זאָל אונטער־העלפן זיינע ברידער אין אוהל־מועד, צו היטן דאָרטן, אָבער קיין אַר־בעט זאָל ער ניט טאָן.

* * * *

## פסח־ראשון און פסח־שני

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן אין מדבר סיני, אין ערשטן חודש פון צווייטן יאָר נאָכ'ן אַרויסגיין פון מצרים, אַזוי צו זאָגן:

— זאָלן די אידן מאַכן דעם קרבן־פסח אין זיין צייט, אין פער־צענטן טאָג פון דעמדאָזיקן חודש, פאַרנאַכט, לויט אַלע דינים, ווי איך האָב באַפוילן.

האָט משה גערעדט צו די אידן, און זיי האָבן געמאַכט דעם קרבן־פסח אין דער ריכטיקער צייט.

זיינען דאַמאָלט געווען מענטשן, וואָס זיינען געווען אומריין דורך אָנרירן אַ מת, און זיי האָבן ניט געקאָנט מאַכן דעם פסח אין יענעם טאָג. זיינען זיי צוגעקומען צו משה'ן און אהרנ'ען און זיי האָבן גע־זאָגט:

— מיר זיינען אומריין (טמאים) אַצינד; אָבער פאַרוואָס זאָלן

מיר געמינערט ווערן פון צווישן די אידן און מיר זאָלן ניט מקריב זיין דעם קרבן פון גאָט גלייך מיט אַלע?

האָט משה צו זיי געזאָגט:

— וואַרט, און איך וועל הערן וואָס גאָט וועט מיר באַפעלן וועגן אייך!

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:

— זאָג די אידן, אַז אויב עמיצער וועט זיין טמא, אָדער ער וועט זיין אין אַ ווייטן וועג, זאָל ער מאַכן פסח צו גאָט דעם פערצענטן טאָג פונם צווייטן חודש, אייר, פאַרנאַכט, (דאָס הייסט: פסח שני), אויך לויט די אַלע דינים, וואָס איך האָב זיי אָנגעזאָגט!

אָבער דער וואָס איז ריין, און אין וועג איז ער ניט, און ער מאַכט ניט דעם פסח, וועט ער פאַרשניטן ווערן פון זיין פאָלק. יענער מאַן וועט טראָגן זיין זינד.

און אַז מיט אייך וועט וואוינען אַ גר (פרעמדער), און ער וועט מאַכן אַ קרבן־פסח, — זאָל ער אויך טאָן לויט דעם דין. איין דין זאָל זיין ביי אייך, סיי פאַר דעם פרעמדן, און סיי פאַר דעם איינגעבאָרענעם פון לאַנד.

* * * *

## דער וואָלקן אַלס סיגנאַל

אין דעם טאָג, וואָס מע האָט אויפגעשטעלט דעם משכן, האָט דער וואָלקן צוגעדעקט דאָס געצעלט פון געזעץ. און אין אָוונט פלעגט זיין איבערן משכן אַזוי ווי דאָס אויסזען פון פייער, ביז אין דער פרי.

אַזוי פלעגט זיין תמיד: דער וואָלקן פלעגט אים צודעקן ביי־טאָג, און דאָס אויסזען פון פייער ביינאַכט. ווען דער וואָלקן פלעג זיך אויפהייבן פון איבער'ן געצעלט, פלעגן די אידן ציען ווייטער; און דאָרטן, וואו דער וואָלקן פלעג בלייבן רוען, דאָרטן פלעגן די אידן לאַגערן, אַזוי לאַנג ווי דער וואָלקן איז געווען איבער'ן משכן. אַמאָל

פלעגט דער וואָלקן בלייבן רוען אויף אַסך טעג, אַמאָל נאָר אויף גע־ציילטע טעג, און אַמאָל נאָר פון אָוונט ביז אין דערפרי. לויט גאָט׳ס באַפעל, דורך דעם סיגנאַל פונם וואָלקן, פלעגן די אידן רוען, און לויט גאָט׳ס באַפעל פלעגן זיי ציען ווייטער.

זיי האָבן געהיט גאָט׳ס היטונג, לויט דעם באַפעל פון גאָט דורך משה׳ן.

* * * *

## די צוויי זילבערנע טרומייטן

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— מאַך דיר צוויי זילבערנע טרומייטן, אויסגעהאַמערט פון איין שטיק. און זיי זאָלן זיין ביי דיר פאַר צונויפרופן די עדה, און פאַר מאַכן ציען די מחנות. אַז מע וועט בלאָזן מיטביידע טרומייטן, זאָלן זיך צו דיר איינזאַמלען אַלע אידן, צום איינגאַנג פון אוהל־מועד; און אויב מע וועט בלאָזן נאָר מיט איין טרומייט, זאָלן זיך צו דיר איינ־זאַמלען נאָר די נשיאים פון די שבטים.

אויב מע וועט בלאָזן די ערשטע תרועה (אַ שאַלונג־רוף), זאָלן די מחנות וואָס רוען אין מזרח־זייט ציען. און אַז מע וועט בלאָזן די צווייטע תרועה, זאָלן די מחנות וואָס רוען אין דרום־זייט ציען; און אַזוי זאָל מען פאַר׳ן ציאונג פון די איבעריקע מחנות בלאָזן.

ביים איינזאַמלען דאָס פאָלק זאָלט איר נאָר בלאָזן (תקיעה), אָבער איר זאָלט ניט אַרויסלאָזן קיין שאַלונג־רוף (תרועה).

און אהרנ׳ס זין, די כהנים, זאָלן זיין די בלאָזער; דאָס זאָל ביי אייך זיין אַן אייביק געזעץ אויף אַלע דורות.

און אַז איר וועט גיין מלחמה האַלטן אין אייער לאַנד אַקעגן דעם שונא, וואָס דריקט אייך, זאָלט איר שאַלן מיט די טרומייטן, און איר וועט דערמאָנט ווערן פאַר אייער גאָט און איר וועט געהאָלפן ווערן פון אייערע פיינט.

און אין אייער טאָג פון שמחה, און אין אייערע ימים־טובים, און

אין אייערע ראש-חודש'ן (ראָשי-חדשים), זאָלט איר בלאָזן מיט די טרומייטן וועגן די עולה-קרבנות און שלמים-קרבנות, און זיי וועלן אייך זיין צו אַ דערמאָנונג פאַר אייער גאָט.

* * * *

## דער סדר פונם ציאונג

און עס איז געווען אין צוואַנציקסטן טאָג, אין צווייטן חודש, אין צווייטן יאָר (נאָך יציאת מצרים), איז דער וואָלקן אויפגעהויבן געוואָרן פון איבער'ן משכן, און די אידן האָבן געצויגן פון מדבר סיני. און דער וואָלקן איז געבליבן רוען אין מדבר פאָרן.

דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, וואָס די אידן האָבן געצויגן לויט דעם אָרדענונג פון גאָט דורך משה'ן.

פאַר דעם לאַגער האָט געצויגן די פאָן, און נאָך דער פאָן יעדער שבט מיט זיין נשיא.

---

דאָס איז געווען דער סדר פון זייער ציאונג:

### ערשטע ריי:

די פאָן פון מחנה יהודה!
נחשון בן עמינדב
שבט יהודה;
נתנאל בן צוער
שבט יששכר;
אליאָב בן חילון
שבט זבולון.

---

### צווייטע ריי:

די טרעגער פונם משכן —
די קינדער פון גרשון
די קינדער פון מררי

---

### דריטע ריי:

די פאָן פון מחנה ראובן!
אליצור בן שדיאור
שבט ראובן;
שלומיאל בן צורישדי
שבט שמעון;
אליסף בן דעואל
שבט גד.

---

### פירטע ריי:

די טרעגער פון די הייליקע זאכן:
די קינדער פון קהת!

---

### פינפטע ריי:

די פאָן פון מחנה אפרים!
אלישמע בן עמיהוד
שבט אפרים;
גמליאל בן פדהצור
שבט מנשה;
אבידן בן גדעוני
שבט בנימין.

---

## זעקסטע ריי:

די פאָן פון מחנה דן!
אחיעזר בן עמישדי
שבט דן;
פגעיאל בן עכרן
שבט אשר;
אחירע בן עינן
שבט נפתלי.

---

דער פאָדערשטער טייל, וואָס איז געגאַנגען פאָראויס דעם לאַגער, האָט געהייסן דער "חלוץ" (פיאָנער); און דער הינטערשטער טייל, וואָס איז געגאַנגען הינטער'ן לאַגער, האָט געהייסן דער "מאסף" (דער איינזאַמלער פון אַלע שוואַכע מענטשן, און פון אַלע פאַרלאָרענע זאַכן).

* * * *

## משה בעט יתרו'ן מיטצוגיין

און משה האָט געזאָגט צו זיין שווער, חובב בן רעואל פון מדין:
— מיר גייען צום אָרט וואָס גאָט האָט אונז פאַרשפּראָכן, — קום מיט אונז און מיר וועלן דיר גוטס טאָן, ווייל גאָט האָט צוגעזאָגט גוטס צו די אידן!
האָט יתרו געענטפערט:
— איך וועל ניט גיין אין ערגיץ; נאָר צו מיין לאַנד און צו מיין געבורטס-פּלאַץ וועל איך גיין!
האָט משה ווידער צו אים געזאָגט:
— פאַרלאָז אונז ניט, איך בעט דיך! ווייל דו ווייסט וואו מיר קאָנען רוען אין מדבר, וועסטו זיין אונזער וועגווייזער! און אַז דו וועסט גיין מיט אונז, איז פון דעם גוטס וואָס גאָט וועט אונז געבן, וועלן מיר דיר אויך געבן!

(ווי עס ווייזט, האָט יתרו איינגעווילִיקט און איז מיטגעגאַנגען מיט די אידן, ווייל אין דער צייט פון די שופטים ווערן די קינדער פון קיני, משה׳ס שווער, דערמאָנט אינאייגעם מיט די בני־יהודה).

און די אידן האָבן געצויגן פון גאָט׳ס באַרג (הר־חורב) דריי טעג וועגס, און דער אָרון פון גאָט׳ס בונד האָט געצויגן פאָראויס זיי, אויסצוזוכן פאַר זיי אַן אָרט צום רוען. און דער וואָלקן פון גאָט איז געווען איבער זיי בייטאָג, ווען זיי האָבן געצויגן פון דער מחנה.

און ווען דער אָרון האָט געצויגן, האָט משה געזאָגט:

שטיי אויף, גאָט,
און זאָלן דיינע פיינט צעשפּרייט ווערן!
און זאָלן דיינע שונאים אַנטלויפן פאַר דיר! —
און אַז דער אָרון האָט גערוט, האָט ער געזאָגט:
קער אום, גאָט, — צו זייער רו —
די צענטויזנטער משפּחות פון ישראל!

* * * *

## דאָס פאָלק באַקלאָגט זיך

און דאָס פאָלק האָט זיך אָנגעהויבן באַקלאָגן אויף זייער שלעכטער לאַגע אין די אויערן פון גאָט. (וואָס ווייטער זיי זיינען געקומען אין מדבר, אַלץ מער האָבן זיי זיך געשראָקן).

און גאָט האָט געהערט, און ער איז אין כעס געוואָרן (דערפאַר וואָס זיי האָבן ניט געגלויבט אין גאָט׳ס הילף). און אַ פייער פון גאָט האָט אָנגעהויבן ברענען צווישן זיי, און עס האָט פאַרברענט אין עק פון דער מחנה (דאָרטן וואו עס האָבן זיך געפונען די מענטשן פון "ערב רב" און אויך די רייכערע פון פאָלק, וואָס האָבן זיך געהאַלטן גרויס!).

האָט דאָס פאָלק געשריען צו משה׳ן, און ער האָט געבעטן צו גאָט, און דאָס פייער איז איינגעשטילט געוואָרן.

און ער האָט גערופֿן דעם נאָמען פון יענעם אָרט "תבערה", אי־בער׳ן פייער פון גאָט, וואָס האָט דאָרטן געברענט. (תבערה מיינט ברענונג אין העברעאיש).

* * * *

## די אידן וויינען נאָך פלייש

און די צונויפגעלאָפענע צווישן פאָלק (דער "ערב רב") האָבן געגלוסט נאָך פלייש. און אויך די אידן האָבן ווידעראַמאָל געוויינט און געזאָגט: "ווער וועט אונז געבן פלייש צום עסן! מיר געדענקען נאָך די פיש, וואָס מיר פלעגן עסן אין מצרים אומזיסט! און אויך די אוגערקעס, און די מעלאָנס, און דאָס גרינס, און די ציבעלעס, און די קנאָבל! און אַצינד איז אונזער לייב פאַרטריקנט ניטאָ גאָרניט פון יענע זאַכן צום עסן, בלויז אויפ׳ן מן דאַרפן מיר אַרויסקוקן!"...

און דער מן, (ער איז גאָרניט געווען אַזוי שלעכט) ער האָט אויס־געזען ווי אַ מין קיילעכדיקער זאָמען (קאָריאַנדערזאָמען), און זיין מראה איז געווען ווייס אַזוי ווי קרישטאָל. און דאָס פאָלק פלעגט זיך צעשפרייטן און קלייבן דעם מן און אים צעמאָלן אין אַ האַנט־מיל, אָדער צעשטויסן אין אַ שטייסל, און אָפּקאָכן אין אַ טאָפּ, אָדער מאַכן פון אים קוכנס. און אַ טעם האָט ער געהאַט, ווי אַ קיכל גע־קנייטן מיט בוימל און האָניק.

און ווען דער טוי האָט אַראָפּגענידערט ביינאַכט, פלעגט דע־רויף נאָכדעם דער מן אַראָפּפאַלן.

און משה האָט געהערט, ווי דאָס פאָלק וויינט גאַנצע משפחות־ווייז, יעדערער פאַר דעם איינגאַנג פון זיין געצעלט, — און גאָט׳ס צאָרן האָט געברענט, — האָט משה דאָס ניט געקאָנט פאַרליידן.

און משה האָט געזאָגט צו גאָט:

— פאַרוואָס האָסטו שלעכטס געטאָן צו דיין קנעכט? און פאַר־וואָס האָב איך ניט געפונען קיין חן אין דיינע אויגן, און דו האָסט אַרויפגעלעגט די משאָ פון דעמדאָזיקן גאַנצן פאָלק אויף מיר? האָב

איך דען געטראָגן דאָסדאָזיקע גאַנצע פאָלק, צי האָב איך עס געבוירן, וואָס דו זאָגסט מיר: טראָג עס אין דיין שויס, ווי אַ דערציער טראָגט אַ זויגעדיק קינד, צו דעם לאַנד, וואָס דו האָסט צוגעשוואָרן צו זייערע עלטערן? פון וואַנען זאָל איך נעמען פלייש צו געבן צום גאַנצן פאָלק, וואָס וויינט איבער מיר און שרייט: גיב אונז פלייש צום עסן? איך אַליין קאָן ניט דערטראָגן דאָסדאָזיקע גאַנצע פאָלק, עס איז שווער פאַר מיר! או אויב דו טוסט מיר אַזוי, — הרג'ע מיך בעסער, איך בעט דיך, אויב איך האָב געפונען חן אין דיינע אויגן, און לאָמיך ניט זען מיין שלעכטע לאַגע!...

* * * *

## גאָט הייסט אויסקלייבן זיבעציק זקנים

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— זאָמל מיר איין זיבעציק מענטשן פון די עלטסטע פון ישראל, אַזוינע וואָס דו קענסט גוט, און דו זאָלסט זיי נעמען צום אוהל־מועד, און זיי זאָלן זיך שטעלן דאָרטן מיט דיר. און איך וועל אַראָפּנידערן און וועל רעדן מיט דיר דאָרטן, און איך וועל אָפּשיידן פונם גייסט וואָס אויף דיר, און וועל אַרויפטאָן אויף זיי. און זיי וועלן טראָגן מיט דיר די משׂא פון פאָלק, כדי זאָלסט זי ניט דאַרפן טראָגן איינער אַליין!

און צום פאָלק זאָלסטו זאָגן:

גרייט זיך צו אויף מאָרגן, און איר וועט עסן פלייש! וואָרים איר האָט געוויינט פאַר גאָט און האָט געזאָגט: "ווער וועט אונז מאַכן עסן פלייש! עס איז אונז בעסער געווען אין מצרים!" — וועט אייך גאָט געבן פלייש, און איר וועט שוין האָבן צו עסן. ניט איין טאָג וועט איר עסן, און ניט צוויי טעג, און ניט פינף טעג, און ניט צען טעג, און ניט צוואַנציק טעג, — ביז אַ חודש צייט וועט איר עסן! ביז עס וועט אייך אַרויסגיין דורך דער נאָז, און עס וועט אייך ווערן נמאָס (עקל), — דערפאַר וואָס איר האָט פאַרמיאוסט גאָט, וואָס

איז צווישן אייך, און האָט געוויינט פאַר אים און געזאָגט: "נאָך וואָס זיינען מיר אַרויסגעגאַנגען פון מצרים?"

האָט משה געזאָגט:

— זעקס הונדערט טויזנט פוסגייער פאַרמאָגט דאָס פאָלק, און דו זאָגסט: "איך וועל זיי געבן פלייש און זיי וועלן עסן אַ חודש צייט"; — ווען אַלע שאָף און רינדער, וואָס זיינען נאָך איבערגע־בליבן, זאָלן געשאָכטן ווערן פאַר זיי, וועט דען זיין גענוג פאַר זיי? און ווען אַלע פיש פון ים זאָלן איינגעזאַמלט ווערן, וועט זיי דען קלעקן?...

האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן:

— איז דען די האַנט פון גאָט קורץ? (צו טאָן אַלץ, וואָס ער וויל) אָט וועסטו זען, צי וועט טרעפן, ווי איך האָב געזאָגט, צי ניט!

* * * *

## די זיבעציק זקנים זאָגן נביאות

און משה איז אַרויסגעגאַנגען און האָט גערעדט צום פאָלק די ווערטער פון גאָט.

און ער האָט איינגעזאַמלט זיבעציק מענטשן פון די עלטסטע פון פאָלק, און ער האָט זיי אַרומגעשטעלט אַרום געצעלט. און גאָט האָט אַראָפּגענידערט אין אַ וואָלקן, און ער האָט גערעדט צו משה'ן.

און ער האָט אָפּגעשיידט פונם גייסט, וואָס אויף משה'ן, און האָט געגעבן אויף די זיבעציק מענטשן. און ווי נאָר דער גייסט האָט גערוט אויף זיי, האָבן זיי געזאָגט נביאות; אָבער ניט מער.

* * * *

## אלדד און מידד

און צוויי מענטשן, פון די פאַרשריבענע צווישן די זיבעציק, זיי־נען איבערגעבליבן אין מחנה און זיינען ניט אַרויס צום געצעלט. און דער גייסט האָט אויף זיי אויך גערוט, און זיי האָבן געזאָגט נביאות אין דער מחנה (זיי האָבן געוואָרנט דאָס פאָלק אָקעגען ניט פאָלגן גאָט'ס באַפעלן !).

איז געלאָפן אַ יונג (די חכמים זאָגן, אַז דאָס איז געווען גרשום, משה'ס זון) און האָט דערציילט משה'ן : "אלדד און מידד זאָגן נביאות אין דעם לאַגער !"

האָט יהושע בן־נון, משה'ס באַדינער (משרת) פון יוגנט אָן, זיך אָפּגערופן און געזאָגט :

— מיין האַר, משה, פאַרשלים זיי אין תפיסה !

האָט אים משה געזאָגט :

— צי ווילסטו זיך אָננעמען פאַר מיין כבוד ? הלואי וואָלט דאָס גאַנצע פאָלק פון גאָט געווען נביאים, אַז גאָט זאָל געבן זיין גייסט אויף זיי !

און משה האָט זיך אומגעקערט צום לאַגער מיט די עלטסטע פון די אידן.

* * * *

## דער שלו (וואַכטלפויגל)

און גאָט האָט געמאַכט בלאָזן אַ ווינט, און ער האָט געבראַכט צופליען וואַכטלפויגלען (שלוים) פונם ים. און דער ווינט האָט זיי צעשפּרייט לעבן לאַגער אויף אַ שטרעק פון אַ טאָג וועגס אַרום און אַרום דער מחנה, און ביי אַ צוויי איילן הויך איבער דער ערד.

און דאָס פאָלק איז אויפגעשטאַנען יענעם גאַנצן טאָג, און די גאַנצע נאַכט, און דעם גאַנצן מאָרגענדיקן טאָג, און זיי האָבן איינגע־זאַמלט דעם שלו, אַז אפילו דער וואָס האָט ווייניק געקליבן האָט אָנ־

געזאַמלט צען הויפנס, — און זיי האָבן אויסגעשפּרייט די וואַכטל-פויגלען אַרום דער מחנה.

דאָס פלייש איז נאָך געווען צווישן די ציינער, נאָך איידער עס איז גוט צעקייט געוואָרן, — און גאָט'ס צאָרן האָט געברענט אויפ'ן פאָלק, און ער האָט געשלאָגן דאָס פאָלק מיט זייער אַ גרויסער מכה (אַ מגפה).

און ער האָט גערופן דעם נאָמען פון יענעם אָרט "קברות התאוה", ווייל דאָרטן האָט מען באַגראָבן די מענטשן וואָס האָבן געגלוסט, צו עסן פלייש.

פון קברות-התאוות האָט דאָס פאָלק אַוועקגעצויגן קיין חצרות, און זיי האָבן דאָרטן גערוט.

* * * *

## מרים און אהרן באַרעדן משה'ן

און מרים און אהרן האָבן באַרעדט משה'ן איבער דער פרוי פון לאַנד כוש, וואָס ער האָט גענומען.

און זיי האָבן געזאָגט:

— צי נאָר מיט משה'ן האָט גאָט גערעדט? צי האָט ער דען ניט מיט אונז אויך גערעדט? (מיר מעגן אים זאָגן אַ דעה!)

און גאָט האָט דאָס געהערט.

און דער מענטש משה איז געווען זייער אַן ענו (האַמבל, פּשוט ביי זיך), מער פון אַלע מענטשן וואָס אויף דער ערד! (און ער האָט ניט געענטפערט מרים'ן און אהרנ'ן).

האָט גאָט פלוצלינג געזאָגט צו משה'ן און צו אהרנ'ען און מרים'ען:

— גייט איר אַלע דריי אַרויס צום אוהל-מועד!

זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען.

און גאָט האָט אַראָפּגענידערט אין אַ וואָלקן-זייל, און האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים איינגאַנג פון געצעלט, און ער האָט גערופן

אהרנ'ען און מרים'ען, און זיי זיינען ביידע אַרויסגעגאַנגען.

און גאָט האָט געזאָגט:

— הערט נאָר צו מיינע רייד! אויב עס איז פאַראַן ביי אייך אַ נביא פון גאָט, טו איך זיך צו אים דערקענען נאָר אין אַ זעאונג פון ביינאַכט, נאָר אין חלום רעד איך מיט אים! אָבער ניט אַזוי איז מיין קנעכט משה, — אין מיין גאַנצן הויז איז ער דער באַגלויבטער! מויל צו מויל (פה אל פה) טו איך רעדן מיט אים, און אין אַ קלאָרן זעאונג פון בייטאָג, און ניט מיט רעטענישן, און דאָס געשטאַלט פון גאָט (דעם כבוד) קוקט ער אָן! און ווי אַזוי האָט איר ניט מורא געהאַט צו באַרעדן מיין קנעכט משה'ן?!

און גאָט איז אין כעס געוואָרן אויף זיי, און ער איז אַוועקגעגאַנגען.

* * * *

## מרים ווערט באַשטראָפט

און ווי נאָר דער וואָלקן האָט זיך אָפּגעטאָן פון געצעלט, איז באַלד מרים געוואָרן קרעציק, ווייס ווי שניי (מצורעת).

און אהרן האָט זיך אומגעקערט צו מרים'ען, און דערזען, אַז זי איז קרעציק. האָט ער געזאָגט צו משה'ן:

— איך בעט דיך, מיין האַר, זאָלסט אונז ניט רעכענען פאַר קיין זינד, וואָס מיר האָבן זיך באַנאַרישט און געזינדיקט אַקעגן דיר! זאָל מרים, כ'בעט דיך, ניט זיין ווי אַ טויטגעבאָרן קינד, וואָס דאָס פלייש איז ביי דעם האַלב-צעגעסן (פאַרפוילט), ווען עס גייט אַרויס פון דער מוטער'ס טראַכט!

האָט משה געשריען צו גאָט און געזאָגט:

— גאָט, איך בעט דיך, הייל זי אויס!

האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן:

—ווען איר פאָטער וואָלט איר אין פּנים אָנגעשפּיגן, וואָלט זי זיך דען ניט געשעמט אַרויסצוגיין זיבן טעג? (אַזוי איז דער מנהג דאַמאָלט געווען) זאָל זי דערום איצט אויך זיין פאַרשלאָסן זיבן טעג אויסער דער מחנה, און דערנאָך וועט זי קאָנען אַריינקומען צוריק!

און מרים איז געווען איינגעשלאָסן זיבן טעג אויסער דער מחנה. און דאָס פאָלק האָט ניט געצויגן ווייטער, ביז זי איז צוריק אַריינגענומען געוואָרן.

און דערנאָך האָט דאָס פאָלק אַוועקגעצויגן פון חצרות, און זיי האָבן גערוט אין מדבר פּארן.

——::——

# מעשיות און לעגענדעס

## 1.

## די סנהדרין

גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— זאַמל מיר איין זיבעציק מענטשן פון די עלטסטע פון ישראל!

און דערום ווען מ'האָט שפּעטער געמאַכט דעם בית-דין הגדול (סנהדרין; סענאַט), איז ער אויך באַשטאַנען פון איין-און-זיבעציק מענטשן (אַקעגן דער צאָל פון די זיבעציק זקנים מיט משה'ן).

די "סנהדרין גדולה" איז באַשטאַנען פון איין-און-זיבעציק. אין שפּיץ פון סנהדרין זיינען געשטאַנען צוויי חכמים: דער "נשיא" און דער "אב-בית-דין", און די איבעריקע חכמים האָט מען גערופן "זקנים".

עס איז אויך געווען אַ "סנהדרין קטנה", וואָס איז באַשטאַנען נאָר פון דריי-און-צוואַנציק מענטשן.

די סנהדרין פלעגט זיצן אויסגעזעצט האַלב-קיילעכדיג, ווי אַ האַלבע ראָד, כדי זיי זאָלן קאָנען זען איינער דעם אַנדערן. פון ביידע זייטן זיינען געזעסן צוויי שרייבער (סעקרעטאַרן).

* * * *

2.

## גייסט און חכמה

גייסט און חכמה זיינען געגליכן צו ליכט:

ווען אַ ליכט ברענט און מ׳צינדט אָן ביי דעם נאָך אַסך אַנדערע ליכט, ווערט פון דעם ליכטיגקייט גאָרניט געמינערט.

אַזוי איז אויך גייסט און חכמה. וויפיל איינער זאָל ניט לערנען אַנדערע, ווערט פון אים אַליין גאָרניט געמינערט.

און דערום האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן:

— איך וועל אָפּשיידן פון דיין גייסט, און וועל אַרויפטאָן אויף די זיבעציק זקנים; אָבער זאָלסט ניט מורא האָבן, ווייל דו וועסט אַלץ בלייבן דער גרויסער פירער!

* * * *

3.

## שכר פאַר באַשיידנקייט

אלדד און מידד זיינען געווען זייער באַשיידן.

ווען גאָט האָט באַפוילן משה׳ן איינצוזאַמלען זיבעציק זקנים, די קליגסטע פון ישראל, האָבן אלדד און מידד זיך געשראָקן און האָבן געזאָגט צו זיך אַליין:

— מיר זיינען ניט ווערט צו זיין אין כלל פון די חכמים!

און בשעת משה האָט אָנגעהויבן אויסצוקלייבן, האָבן זיך די צוויי מענער אָפּגערוקט אָן אַ זייט, מ׳זאָל זיי ניט באַמערקן.

האָט גאָט צו זיי געזאָגט:

— אויב איר זיינט ביי זיך אַזוי קליין, וועט איר דערפאַר זיין גרעסער פון אַלע אַנדערע!

און שפּעטער, ווען אַלע זקנים האָבן שוין אויפגעהערט צו זאָגן נביאות, זיינען נאָך אלדד און מידד געבליבן אין דער מחנה און דאָס נביאות האָט זיך פון זיי ניט אָפּגעטאָן.

און דערפאַר זאָגן די חכמים:

— ווער עס האַלט זיך קליין, ווערט גרויס; און ווער עס האַלט זיך גרויס, ווערט קליין!...

———::———

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באַנוצט אין אידיש)

**חוקה אחת יהיה לכם, ולגר ולאזרח הארץ** (איין געזעץ זאָל זיין ביי אייך, פאַר׳ן פרעמדן און פאַר׳ן איינגעבוירענעם אין לאַנד).

**הצר הצורר אתכם** (דער שונא וואָס דריקט אייך):

"אַ צורר ישראל" — איינער וואָס דריקט אידן. מ׳זאָגט אויך: "צורר היהודים", אָדער: צורר).

**זכרנו את הדגה** (מיר געדענקען די פיש):

ווען עמיצער בענקט נאָך זיין אַמאָליגן רייכקייט, זאָגט מען וועגן אים: זכרנו את הדגה...

**לא אוכל אנכי לבדי** (איך איינער אַליין קאָן ניט).

**עד אשר יצא מאפכם** (ביז עס וועט אַרויסגיין פון אייער נאָז):

אַנשטאָט: עס וועט אייך קריכן צוריק...

**היד ד׳ תקצר** (איז דען גאָט׳ס האַנט קורץ?)

אָנשטאָט: איז דען דאָ אַ שווערע זאַך ביי גאָט?

ענליך צו: ״היפלא מד׳ דבר?״, איז עפּים שווער, אָדער פאַר־הוילן, פאַר גאָט?

**כנוח עליהם הרוח** (ווען עס האָט גערוט אויף זיי דער גייסט):

אָנשטאָט: ווען עס איז אָנגעקומען די אינספּיראַציע...

**ומי יתן כל עם ד׳ נביאים** (הלואי וואָלט דאָס גאַנצע פאָלק פון גאָט געווען נביאים).

**בכל ביתי נאמן הוא** (אין מיין גאַנצן הויז איז ער דער באַגלויב־טער.

**פה אל פה אדבר בו** (איך רעד מיט אים מויל צו מויל):

אָנשטאָט: צו רעדן פערזענליך זאָגט מען; ״רעדן פה אל פה״.

—— : : ——

סדרה

# שלח

(שיק)

## משה שיקט מרגלים קיין כנען

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:

— שיק דיר מענטשן (ווי דאָס פאָלק פאָדערט פון דיר), און זאָלן זיי אויסקוקן דאָס לאַנד כנען, וואָס איך גיב צו די אידן. צו איין מאַן פון יעדן שבט, דעם נשיא צווישן זיי, זאָלט איר שיקן (אַחוץ שבט לוי, וואָס האָט ניט געהאַט קיין חלק אין לאַנד).

און משה האָט זיי געשיקט פון מדבר פאָרן, לויט'ן צושטימונג פון גאָט. אַלע זיינען זיי געווען די עלטסטע פון די אידן.

און דאָס זיינען זייערע נעמען:

פון שבט ראובן — שמוע בן־זכור;
פון שבט שמעון — שפט בן־חורי;
פון שבט יהודה — כלב בן־יפונה;
פון שבט יששכר — יגאָל בן־יוסף;
פון שבט אפרים — הושע בן־נון;
פון שבט בנימין — פלטי בן־רפוא;
פון שבט זבולון — גדיאל בן־סודי;
פון שבט מנשה — גדי בן־סוסי;
פון שבט דן — עמיאל בן־גמלי;

פון שבט אָשר — סתור בן־מיכאל;
פון שבט נפתלי — נחבי בן־ופסי;
פון שבט גד — גאואל בן־מכי.

און משה האָט גערופן נאָכדעם הושע בן־נון מיט'ן נאָמען יהושע ("יה יושיע" — גאָט זאָל העלפן!).

און משה האָט אַוועקגעשיקט די מרגלים, און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— גייט אַרויף אויף דעמדאָזיקן וועג, קיין דרום זייט, און גייט אַרויף אויפ'ן באַרג (הר־האמורי, וואָס מ'האָט שפּעטער גערופן: הר־יהודה) און איר זאָלט אָנקוקן דאָס לאַנד, וואָס אַזוינס עס איז, און דאָס פאָלק וואָס זיצט דערויף, צי איז עס שטאַרק אָדער שוואַך, צי איז עס ווינציק אָדער פיל. און ווי אַזוי איז דאָס לאַנד, צי איז עס גוט אָדער שלעכט; און די שטעט ווי זיינען זיי, צי אין אָפענע לאַגערן אָדער אין פעסטונגען. און ווי אַזוי איז די ערד, צי איז זי פעט אָדער מאָגער, צי פאַרמאָגט זי בוימער אָדער ניט. און איר זאָלט זיך שטאַרקן און נעמען פון דער פרוכט פונם לאַנד, און ברענגען צו אונז!

און יענע טעג זיינען געווען, ווען די ווייַנטרויבן זיינען שוין צייטיק געוואָרן.

און די מענטשן זיינען אַרויפגעגאַנגען און אויסגעקוקט דאָס לאַנד פון מדבר צין (אין דרום זייט) ביז רחוב, ווי מע קומט אַריין קיין חמת (אין צפון זייט). און זיי זיינען געקומען ביז חברון. און דאָרטן זיינען געווען זייער גרויסע גבורים אחימן, ששי און תלמי, קינדער פון ענק.

און זיי זיינען צוגעקומען ביז'ן טאָל אשכול, און זיי האָבן פון דאָרטן אָפּגעשניטן אַ צווייג מיט איין הענגל ווייַנטרויבן, און צוויי מענטשן האָבן עס געטראָגן אויף אַ שטאַנג. און זיי האָבן אויך גענומען פון די מילגרוימען און פון די פייגן.

דעם נאָמען פון יענעם אָרט האָט מען, נאָכדעם, גערופן דער

טאָל אשכול, איבער דעם אשכול (הענגל), וואָס די שליחים האָבן אָפּ-געשניטן פון דאָרטן.

* * * *

## דער באַריכט פון די מרגלים

די מרגלים האָבן זיך אומגעקערט אין פערציק טעג אַרום, און זיי זיינען געקומען צו משה'ן און צו אהרנ'ען און צו דער גאַנצער עדה אידן, אין מדבר פּאָרן קיין קדש, און זיי האָבן זיי געבראַכט אַן ענט-פער, און זיי האָבן זיי געוויזן די פרוכט פונם לאַנד.

און זיי האָבן משה'ן אַזוי דערציילט:

— מיר זיינען געקומען אין דעם לאַנד, וואוהין דו האָסט אונז גע-שיקט, און עס איז באמת אַ לאַנד וואָס פליסט מיט מילך און האָניק, און אָט דאָס איז די פרוכט פון לאַנד. אָבער דאָס פאָלק, וואָס זיצט אין לאַנד, איז זייער שטאַרק, און די שטעט זיינען באַפעסטיקטע, זייער גרויסע, און אויך די קינדער פון ענק (ריזן) האָבן מיר דאָרטן געזען. עמלק זיצט אין דרום-זייט, און דער חתי און דער יבוסי און דער אמורי זיצן אויף די בערג, און דער כנעני זיצטביים ים און ביים ברעג ירדן!

האָט כלב איינגעשטילט דאָס פאָלק, און געזאָגט צו משה'ן:

— מיר וועלן אַרויפגיין און מיר וועלן דאָס לאַנד ירש'ענען, וואָ-רים מיר וועלן נאָך באַזיגן יענע פעלקער, וואָס זיצן דאָרטן!

אָבער די איבעריקע מרגלים, וואָס זיינען מיט אים געגאַנגען, האָבן געזאָגט:

— מיר וועלן ניט קאָנען אַרויפגיין צו יענעם פאָלק, וואָרים עס איז שטאַרקער פון אונז!

און זיי האָבן אַרויסגעלאָזט אַ שלעכטן קלאַנג (גערעדט לשון-הרע) וועגן לאַנד, וואָס זיי האָבן אויסגעקוקט, און זיי האָבן געזאָגט צו די אידן אַזוי:

— דאָס לאַנד, וואָס מיר זיינען דורכגעגאַנגען אויסצוקוקן, איז אַ לאַנד וואָס עסט אויף די איינוואוינער... (צו משה'ן האָבן זיי פריער

געזאָגט, אַז עס פליסט מיט מילך און האָניק!) און דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס מיר האָבן אין לאַנד געזען, זיינען מענטשן פון הויכן וואוקס... (צו משה׳ האָבן זיי פריער געזאָגט, אַז עס איז אַ שטאַרק פאָלק, אָבער ניט גאָלע הויכע!) און דאָרטן האָבן מיר געזען די נפילים, די זין פון ענק (באַוואוסטע ריזן), און אַקעגן זיי זיינען מיר געווען ווי היישעריקן אין אונזערע אויגן, און אַזוי האָבן מיר אויסגעקוקט אויך אין זייערע אויגן!

* * * *

## דאָס פאָלק וויינט

די גאַנצע עדה אידן האָט געוויינט אויף אַ קול אין יענער נאַכט.
און אַלע אידן האָבן זיך באַקלאָגט אויף משה׳ן און אהרנ׳ען, און זיי האָבן געזאָגט צו זיי:

— הלואי וואָלטן מיר געווען געשטאָרבן אין לאַנד מצרים, אָדער הלואי וואָלטן מיר געשטאָרבן אין דעמדאָזיקן מדבר! און נאָך וואָס ברייגנט אונז גאָט אין דעמדאָזיקן לאַנד, צו פאַלן דורך דער שווערד, און אונזערע ווייבער און אונזערע קליינע קינדער זאָלן אַוועקגערויבט ווערן? איז דען ניט בעסער פאַר אונז זיך אומצוקערן קיין מצרים?

און זיי האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן:

— לאָמיר מאַכן אַן עלטסטן און לאָמיר זיך אומקערן קיין מצרים!

זיינען משה און אהרן געפאַלן אויף זייערע פּנימער פאַר דער גאַנצער עדה אידן.

* * * *

## יהושע און כלב

און יהושע בן־נון און כלב בן־יפונה, פון די וואָס האָבן אויסגע־קוקט דאָס לאַנד, האָבן צעריסן זייערע קליידער, און האָבן געזאָגט צו דער גאַנצער עדה אידן:

— דאָס לאַנד, וואָס מיר זיינען דורכגעגאַנגגען אויסצוקוקן, איז זייער און זייער גוט! אויב גאָט וויל אונז פאַר אַ פאָלק, וועט ער אונז ברייגגען אין דעמדאָזיקן לאַנד און ער וועט עס אונז געבן, — אַ לאַנד וואָס פליסט מיט מילך און האָניק! איר זאָלט נאָר ניט ווי־דערשפעניקן אָן גאָט, האָט איר ניט וואָס מורא צו האָבן פאַר׳ן פאָלק פונם לאַנד, וואָרים מיר וועלן זיי אויפעסן אַזוי ווי ברויט! זייער שוץ האָט זיך אָפּגעטאָן פון זיי, און מיט אונז איז גאָט, — זאָלט איר ניט מורא האָבן פאַר זיי!

האָט די גאַנצע עדה געזאָגט, אַז מע זאָל זיי, יהושע׳ן און כלב׳ן, פאַרוואַרפן מיט שטיינער; אָבער דער כבוד פון גאָט האָט זיך באַ־וויזן אין אוהל־מועד צו אַלע אידן.

* * * *

## גאָט צערנט אויף די אידן

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— ביז וואַנען נאָך וועט מיך דאָסדאָזיקע פאָלק דערצערענען? און ביז וואַנען נאָך וועלן זיי ניט גלויבן אין מיר, נאָך די אַלע צייכנס, וואָס איך האָב געמאַכט צווישן זיי? איך וועל דאָס פאָלק שלאָגן מיט אַ מגפה (פעסט), און איך וועל עס פאַרטיליקן. און דיך וועל איך מאַכן פאַר אַ גרויס פאָלק, אַ שטאַרקערס פון דעם!

האָט משה געזאָגט צו גאָט:

— און אַז די מצרים וועלן הערן, אַז דו, וואָס האָסט מיט דיין כח אויפגעבראַכט דאָסדאָזיקע פאָלק פון צווישן זיי, און זיי האָבן דער־ציילט צו די איינוואוינער פונם דאָזיקן לאַנד און אַלע האָבן געהערט, אַז דו, גאָט, ביזט תמיד צווישן דעם פאָלק, און אויג אויף אויג ביזטו גע־זען געוואָרן צו זיי, און דיין וואָלקן שטייט איבער זיי, מיט אַ וואָלקן־זייל גייסטו פאַר זיי בייטאָג און מיט אַ פייער־זייל ביינאַכט, — און איצט, אַז זיי וועלן הערן, אַז דו וועסט טייטן דאָסדאָזיקע פאָלק, ווי

איין מענטשן, ווען די אַלע פעלקער, וואָס האָבן וועגן דעם געהערט, זאָגן: דאָס איז דערפאַר, וואָס ער האָט ניט ביכולת (קאָן ניט) אַריינ־ברייינגען דאָס פאָלק אינם לאַנד, וואָס ער האָט זיי צוגעשוואָרן, האָט ער זיי אויסגעקוילעט אין מדבר!... און דערום בעט איך דיך: זאָל זיך אַצינד גרויסן דער כח פון גאָט, אַזוי ווי דו האָסט גערעדט אויפ׳ן באַרג־סיני, אַזוי צו זאָגן: "גאָט איז איינגעהאַלטן אין צאָרן און איז גרוים מיט חסד, ער פאַרגיט זינד און פאַרברעכן, נאָר שענקען שענקט ער ניט: ער באַשטראָפט פאַר די זינד פון די עלטערן — קינדער, קינדס־קינדער און ביזן פערטן דור". פאַרגיב, איך בעט דיך, די זינד פון דעמדאָזיקן פאָלק לויט דעם גרויסקייט פון דיין חסד, און אַזוי ווי דו האָסט פאַרגעבן דעמדאָזיקן פאָלק פון מצרים אָן און ביז איצט!...

האָט גאָט געזאָגט:

— איך האָב פאַרגעבן, אַזוי ווי דו האָסט געבעטן! אָבער אַזוי ווי איך לעב און מיין כבוד פילט אָן די גאַנצע וועלט, אַז די אַלע מענטשן, וואָס האָבן געזען מיין כבוד און די צייכנס מיינע, וואָס איך האָב געמאַכט אין מצרים און אין מדבר, און זיי האָבן מיך ערשט נאָכדעם געפּרואווט שוין אַ צען מאָל און האָבן מיך ניט געפאָלגט, — זיי וועלן דאָס לאַנד, וואָס איך האָב צוגעשוואָרן צו זייערע עלטערן, ניט זען! אַלע די, וואָס האָבן מיך דערצערנט, וועלן דאָס לאַנד ניט זען! און מיין קנעכט כלב, ווייל אין אים איז געווען אַנ׳אַנדער גייסט, און ער האָט דערפילט מיין ווילן, וועל איך אים ברייינגען אינם לאַנד, וואוהין ער איז געגאַנגען, און צו זיינע קינדער וועט ער עס לאָזן בירושה! און איצט — דער עמלקי און דער כנעני זיצן אין טאָל, (איר קאָנט איצט ניט מלחמה האַלטן מיט זיי) מאָרגן קערט זיך אום צוריק, און ציט אייך צום מדבר אויפן וועג צום ים־סוף!

* * * *

## גאָט באַשטראָפט דאָס פאָלק

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן און צו אהרנ'ען, אַזוי צו זאָגן:

— ביז וואַנען נאָך וועל איך פאַרשווייגן דערדאָזיקער שלעכטער עדה, וואָס זיי באַקלאָגן זיך אויף מיר? איך האָב געהערט די אַלע באַקלאָגעכצען פון די אידן, וואָס זיי האַלטן זיך אין איין באַקלאָגן אויף מיר! זאָג זיי: איך שווער ביי מיין לעבן, אַז איך וועל טאָן צו זיי, ווי זיי האָבן גערעדט צו מיר — אַז זיי איז ליבער צו שטאַרבן אין מדבר — אַזוי וועט זיין! אין דעמדאָזיקן מדבר וועלן פאַלן אייערע פגרים (קערפּער) פון אַלע אייערע געציילטע פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, — ווייל איר האָט געקריגט אויף מיר!

איר וועט אין לאַנד ניט אַריינקומען, — אַחוץ כלב בן־יפונה און יהושע בן־נון. און אייערע קליינע קינדער, וואָס איר האָט געזאָגט, אַז זיי וועלן זיין רויב פאַר'ן שונא, — זיי וועל איך אַריינברענגען און זיי וועלן קענען דאָס לאַנד, וואָס איר האָט פאַראַכט!

אייערע קינדער וועלן מוזן אַרומוואַנדערן אין מדבר פערציק יאָר, און זיי וועלן טראָגן אייערע זינד, ביז איר אַלע וועט אויסשטאַרבן אין מדבר.

לויט דער צאָל פון די טעג, וואָס איר האָט דורך אייערע מרגלים אויסגעקוקט דאָס לאַנד, וועט איר אַזויפיל יאָרן טראָגן אייערע זינד, — פערציק יאָר פאַר די פערציק טעג; — פאַר יעדן טאָג אַ יאָר!

און איר וועט דערפילן מיין אָפּקערן זיך פון אייך. איך, גאָט, האָב גערעדט, און — איך שווער, אַז דאָס וועל איך טאָן צו דער־דאָזיקער גאַנצער שלעכטער עדה, וואָס האָט זיך איינגעזאַמלט אַקעגן מיר. אין דעמדאָזיקן מדבר וועלן זיי פאַרלענדט ווערן, און דאָרטן וועלן זיי אויסשטאַרבן!

* * * *

## גאָט באַשטראָפט די מרגלים

און די מענטשן, וואָס משה האָט געשיקט אויסצוקוקן דאָס לאַנד, די מרגלים, און זיי האָבן זיך אומגעקערט און אָנגערעדט שלעכטס וועגן לאַנד און דערמיט געמאַכט די גאַנצע עדה קריגן אויף גאָט, — זיי זיינען אויסגעשטאָרבן אין אַ מגפה.

נאָר יהושע בן נון און כלב בן יפונה, וואָס זיינען געגאַנגען מיט יענע מרגלים אויסצוקוקן דאָס לאַנד, זיינען געבליבן לעבן.

* * * *

## עמלק און כנען שלאָגן די אידן

און משה האָט גערעדט צום פאָלק די אַלע ווערטער פון גאָט, און דאָס פאָלק האָט זייער געטרויערט.

און זיי זיינען אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און זיי זיינען אַרויף צום שפּיץ באַרג, און האָבן אַזוי געזאָגט:

— מיר זיינען גרייט צו מלחמה האַלטן פאַר׳ן לאַנד, וואָרים מיר וויסן, אַז מיר האָבן געזינדיקט!

האָט משה געזאָגט:

— צו וואָס זאָלט איר איבערטרעטן גאָט׳ס באַפעל, אַז עס וועט שוין סיי־ווי ניט העלפן, איר וועט ניט באַגליקן! גייט ניט אַרויף, אַז גאָט איז ניטאָ צווישן אייך, כדי איר זאָלט ניט געשלאָגן ווערן פאַר אייערע פיינט!

אָבער זיי האָבן יאָ געוואָגט אַרויפצוגיין צום שפּיץ באַרג, — און דער אָרון פון גאָט׳ס בונד און משה האָבן זיך ניט גערירט פון דער מחנה, — האָט דער עמלקי און דער כנעני אַראָפּגענידערט פון יענעם באַרג, און זיי האָבן זיי געשלאָגן און צעקלאַפּט ביז חרמה.

* * * *

## דין וועגן אָפּשיידן חלה

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:

— רעד צו די אידן, און זאָג זיי אָן: אַז איר וועט קומען אין דעם לאַנד, וואוהין איך ברייננ אייך, און איר וועט עסן פונ'ם ברויט פון לאַנד, זאָלט איר אָפּשיידן אַן אָפּשיידונג צו גאָט. דאָס ערשטע פון אייערע טייג־מולטערס זאָלט איר אַראָפּנעמען אַלס תרומה פון חלה, אַזוי ווי איר נעמט אַראָפּ דאָס ערשטע פון שייער אַלס תרומה פון תבואה. און אַזוי ווי איר גיט יענע תרומה צום כהן, אַזוי זאָלט איר אויך די תרומה פון חלה אַוועקגעבן צום כהן פון גאָט. דאָס איז אַ געזעץ אויף אַלע אייערע דורות.

* * * *

## דער האָלץ-קלייבער („מקושש עצים")

ווען די אידן זיינען געווען אין מדבר האָבן זיי געפונען אַ מאַן, וואָס האָט געקליבן האָלץ אום שבת (מקושש עצים).

האָט מען דעמדאָזיקן מקושש עצים געבראַכט צו משה'ן און צו אהרנ'ען און צו דער גאַנצער עדה. האָבן זיי אים אַריינגעזעצט אין תפיסה, ווייל מע האָט ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ שטראָף ער דאַרף קריגן.

האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן:

— געטייט זאָל ווערן דער מאַן. די גאַנצע עדה זאָל אים פאַר־וואַרפן מיט שטיינער, אוים דער מחנה!

האָט אים די גאַנצע עדה אַרויסגענומען אוים דער מחנה און זיי האָבן אים פאַרשטיינט, אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן משה'ן.

* * * *

## דין וועגן ציצית

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— רעד צו די אידן, און זאָג זיי אָן: זיי זאָלן מאַכן ציצית אויף די עקן פון זייערע קליידער אויף אַלע זייערע דורות. און זיי זאָלן אַריינטאָן אין די ציצית אַ בלויען פאָדעם. און דאָס זאָל אייך זיין פאַר ציצית, אַז איר זאָלט זיי זען און געדענקען אַלע מצוות פון גאָט, און זיי טאָן. און איר זאָלט ניט נאָכגיין נאָך אַלע זאַכן, וואָס אייער האַרץ און אייערע אויגן גלוסטן, און איר וועט פאַרפירט ווערן פון זיי, — כדי איר זאָלט געדענקען און טאָן אַלע מיינע געבאָט, און איר זאָלט זיין הייליק צו גאָט.

איך בין אייער גאָט, וואָס איך האָב אייך אַרויסגענומען פון לאַנד מצרים צו זיין אַ גאָט צו אייך! איך בין אייער גאָט!

———::———

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## די מרגלים

ווען די אידן האָבן זיך דערנענטערט צו די גרעניצן פון כנען זיי־נען זיי צוגעשטאַנען צו משה׳ן און האָבן אים געזאָגט:

— שיק פון אונזער ווענן שליחים, און זאָלן זיי אויסקוקן דאָס לאַנד, וואָס גאָט האָט אונז פאַרשפּראָכן!

האָט זיי משה געענטפערט:

— איך זאָג, אַז מ׳דאַרף קיין שליחים ניט שיקן. איך גלויב אין גאָט׳ס רייד. אַז ער האָט געזאָגט, אַז דאָס לאַנד פליסט מיט מילך און האָניק, איז דאָס אמת. נאָר אויב איר ווילט ניט גלויבן, וועל איך פרעגן ביי גאָט וואָס צו טאָן!

האָט עס גאָט זייער פאַרדראָסן, און ער האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— ביז וואַנען נאָך וועלן די אידן זיין אַזוינע ניט־גלויביקע? פאַרוואָס זאָלן זיי ניט פאַרשטיין, אַז אַ פאָטער וועט ניט אָפּנאַרן זיינע קינדער! גיי און טו זייער ווילן, משה, און זאָלן זיי ניט זאָגן, אַז איך האָב מורא צו ווייזן זיי דאָס לאַנד. אָבער וויסן זאָלן זיי, אַז קיין איינער פון זיי וועט אין לאַנד ניט אַריינקומען, אַחוץ די צוויי געטרייע דינער מיינע: יהושע און כלב!

* * * *

2.

## די עצה פון די מרגלים

איידער די מרגלים האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויסצוקוקן דאָס לאַנד כנען האָט משה צו זיי געזאָגט:

— איר זאָלט קיין מורא ניט האָבן. איר זאָלט ניט אַריינקומען אין לאַנד בגנבה (פאַרשטעלטערהייד, אינקאָגניטאָ). גייט אַריין עפּענטליך און זאָלן אייך אַלע איינוואוינער זען.

די מרגלים האָבן דאָס משה׳ן צוגעזאָגט.

און משה האָט זיי געגעבן אַ סימן, ווי אַזוי צו דערקענען אויב די מענטשן אין לאַנד זיינען שטאַרקע אָדער שוואַכע:

— אַז איר וועט קומען קיין כנען און זען, אַז די שטעט זיינען באַפעסטיקטע (אַרומגעבויעט מיט פעסטונגען), איז אַ סימן, אַז די מענטשן זיינען שוואַכע און זיי האָבן מורא פאַר די שונאים; אויב אָבער די שטעט זיינען אָפענע (אָן פעסטונגען), איז אַ סימן, אַז די מענטשן זיינען שטאַרקע און זיי האָבן פאַר קיין שונאים קיין מורא ניט.

די מרגלים האָבן אַלץ ניט געגלויבט אין גאָט, און זיי האָבן זיך שטאַרק געשראָקן. גייענדיק אין וועג, זיינען זיי צוגעשטאַנען צו יהושע׳ן און כלב׳ן און האָבן זיי געבעטן:

— פאָלגט אונז, לאָמיר זיך אומקערן קיין מצרים! לאָמיר קומען צום פאָלק און זיי אָנשרעקן, אַז דאָס לאַנד איז ניט גוט און די מענטשן דאָרטן זיינען גבורים, וועלן אַלע אונז נאָכגיין קיין מצרים צוריק!

יהושע און כלב האָבן אָבער דיזאָזיקע עצה ניט געוואָלט הערן. זיי האָבן געענטפערט:

— אויב מיר וועלן גיין מיט שקר, וועלן מיר פאַלן; אָבער אויב מיר וועלן גיין מיט אמת, וועלן מיר זיגן!...

און דערום האָבן די חכמים געזאָגט דאָס ווערטל אין דער גמרא:

"קושטא קאי, שיקרא לא קאי", אמת באַשטייט, שקר פאַרגייט!...

* * * *

3.

## אַ ליגנער ווידערשפּרעכט זיך

אַז די מרגלים האָבן זיך צוריקגעקערט, האָט זיי משה אויפגענומען מיט פרײנטשאַפט, און ער האָט זיי געפרעגט:

— איצט דערציילט מיר וועגן אַלץ, וואָס איר האָט געזען!

האָבן די מרגלים אָנגעהויבן צו דערציילן אַזוי:

— ווי נאָר מיר זיינען אַריין אין לאַנד, האָבן מיר באַלד דערזען, אַז לעבן יעדן הויז זיצן מענטשן אויף דער ערד און באַוויינען זייערע קינדער, וואָס שטאַרבן דאָרטן אויס קליינערהייד. האָבן מיר שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס לאַנד "עסט אויף אירע איינוואוינער"... און אַז מיר זיינען געגאַנגען טיפער אין לאַנד, האָבן מיר דערזען, אַז דאָס לאַנד פאַרמאָגט אַזוינע געזונטע, שטאַרקע, הויכע מענטשן, אַז מיר האָבן אויסגעקוקט אַקעגן זיי ווי היישעריקן...

האָט זיך משה צעלאַכט און געפרעגט:

— אויב דאָס לאַנד עסט אויף די איינוואוינער קליינערהייד נאָך, ווי־זשע קומט עס, וואָס אַלע איינוואוינער דאָרטן זיינען לויטער ריזן?

האָבן יהושע און כלב געענטפערט:

— אָט דאָס איז די שטראָף פון ליגנער, ער ווידערשפּרעכט זיך אַליין!...

* * * *

4.

## די זקנים און די מרגלים

— "שלח לך אנשים" — שיק ד י ר מענטשן! — האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן וועגן די מרגלים.

— "אספה לי שבעים איש מזקני ישראל" — זאַמל מ י ר איין

זיבעציק אַלטע לייט פון ישראל! — האָט אים גאָט געזאָגט פריער וועגן די זקנים.

פאַרוואָס האָט ער דאָ געזאָגט "דיר", און דאָרטן האָט ער געזאָגט "מיר?"

גיט דער מדרש דערויף אַ משל:

אַ רייכער מאַן האָט פאַרמאָגט אַ וויינגאָרטן, און ווען מ'פלעגט יעדן יאָר אויסדריקן דעם נייעם וויין ביי אים אין קעלטער, האָט ער ליב געהאַט אַליין דעם וויין צו פאַרזוכן דער ערשטער.

אויב דער וויין איז געווען גוט און באַ'טעמ'ט (טייסטי), האָט ער באַפוילן דעם אַרבייטער זיינעם:

— ברייננ דעם וויין צו מיר אין הויז אַריין!...

אויב אָבער דער וויין איז געווען וואַסעריק און זויער, האָט ער באַפוילן:

— נעם דעם וויין צו דיר אין הויז אַריין!...

אַזוי אויך ווען גאָט האָט געזען, אַז די זקנים וועלן זיין געטריי דעם פאָלק, האָט ער געזאָגט צו משה'ן:

— אספה לי! זאַמל מיר איין זיבעציק זקנים!

און ווען ער האָט געזען, אַז די מרגלים וועלן דערציילן לשון-הרע אויפן לאַנד און וועלן פאַרראַטן דאָס פאָלק, האָט ער געזאָגט צו משה'ן:

— שלח לך! שיק דיר מרגלים!...

וועגן אַ שלעכטן שליח האָט שלמה המלך געזאָגט אַ ווערטל:

— "כחומץ לשנים, וכעשן לעינים, כן העצל לשולחיו" — ווי עסיק צו די ציין, און ווי רויך צו די אויגן, אַזוי איז דער פוילער שליח צו די וואָס שיקן אים!...

* * * *

5.

# דער ריז תלמי

ווען די מרגלים זיינען צוגעקומען צו "נחל אשכול", האָבן זיי דאָרטן דערזען אַזעלכע שיינע און גוטע פּירות (פּרוכטן), וואָס זיי האָבן נאָך אויף זייער לעבן ניט געזען.

האָבן זיך כלב און יהושע זייער דערפרייט און געזאָגט צו די מיטגייער:

— זעט נאָר, וואָס פאַר אַ גוט און פרוכטבאַר לאַנד דאָס איז!

האָבן די מרגלים געשוויגן.

האָט כלב נאָכאַמאָל געזאָגט צו זיי:

— איר זעט דאָך מיט אייערע אויגן, אַז דאָס לאַנד איז זייער גוט, עס פליסט מיט מילך און האָניק! גייט און נעמט פון די אַלע גוטע פּרוכטן און ברענגט זיי צו אונזערע ברידער, וועלן זיי שוין מיט שמחה גייען איינגעמען דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד!

האָבן די מרגלים ווידער געשוויגן, און זיך ניט גערירט פון אָרט.

האָט כלב'ן זייער פאַרדראָסן זייער ווידערשפּעניגקייט (רעבעליאָזנעסס) און זייער עקשנות (סטאָבבאָרנעסס), האָט ער אַרויסגעכאַפּט זיין שווערד פונם שיידל, און האָט אויסגעשריען צו זיי:

— איך באַפעל אייך צו נעמען פון די פּירות פאַר אונזערע ברידער!

האָבן די מרגלים אים געענטפערט מיט כעס:

— מיר ווילן גאָרניט נעמען! מיר ווילן זיך אומקערן מיט ליידיקע הענט פון דאַנען!

איז כלב נאָכמער דערצערנט געוואָרן, זעענדיק אַז זיי ווילן בכוונה קומען און אָנרעדן לשון-הרע (סלאַנדער) אויפן לאַנד, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— אויב איר פאָלגט מיך ניט, און איר ווילט דווקא קומען און אָפּנאַרן דאָס פאָלק, וועל איך אייך דאָ אויפן אָרט טויטן מיט מיין שווערד!

אויף כלב׳ס געשריי איז אַרויסגעקומען דער ריז תלמי, און דער־זייענדיק די פרעמדע מענטשן, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— ווער זיינט איר, און וואָס טוט איר דאָ?

די מרגלים האָבן זיך דערשראָקן פאַר אים, און זיך גענומען אָפּ־רוקן פון דאָרטן. נאָר כלב און יהושע זיינען געבליבן שטייען, און האָבן אים דערציילט דעם אמת:

— מיר זיינען שליחים פון די בני־ישראל, וואָס האָבן אונז גע־שיקט אויסקוקן דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד!

האָט תלמי אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— אָ, גייט און זאָגט אייערע ברידער, אַז אייער גאָט האָט אייך ניט אָפּגענאַרט! כ׳האָב געהערט וועגן די ניסים ונפלאות, וואָס אייער גאָט האָט פאַר אייך געטאָן זינט ער האָט אייך באַפרייט פון פּרעה׳ן, און אַז ער האָט אייך פאַרשפּראָכן אָט דאָס לאַנד, האָט איר אים געמעגט גלויבן, און ניט באַדאַרפט קומען צו אָנקוקן עס!...

האָט גאָט געזאָגט:

— דערפאַר וואָס תלמי האָט אַזוי גערעדט, וועט ער און זיינע זין געבענטשט ווערן מיט אריכת־ימים אין דעמדאָזיקן לאַנד!

* * * *

## 6.

## די פּרוכטן פון ארץ ישראל

רבי חנינאָ האָט דערציילט:

איך בין אַמאָל געקומען אין אַן אָרט אין ארץ ישראל, האָב איך געזען אַ ריזיק־גרויסן באָקסער־בוים (קעראָב). האָב איך אַראָפּ־גענומען מיין גאַרטל פון זיך, און אויך מיין באַדינער האָט אַראָפּגע־נומען זיין גאַרטל פון זיך, און ווען מיר האָבןביידע גאַרטלען צונויפּ־געבונדן, זיינען זיי ניט געווען גענוג לאַנג צו קאָנען אַרומנעמען דעם שטאַם פונם בוים, אַזוי דיק איז ער געווען.

און אַז איך האָב אָפּגעבראָכן אַ באָקסער פון אים, איז מיין האַנט פאַרגאָסן געוואָרן מיט האָניק, וואָס האָט פון אים אַרויס־גערונען.

---

רבי פרידאַ האָט פאַרמאָגט זייער אַ גרויסן וויינגאָרטן, וואָס איז געווען באַרימט מיט זיינע וויינטרויבן.

איז צו אים איינמאָל געקומען רבי און געזאָגט:

— ווייז מיר די גרעסטע וויינטרויבן פון דיין באַרימטן גאָרטן!

האָט רבי פרידאַ אים געפירט ווייזן. גייענדיק, האָט רבי פון וויטנס דערזען ווי אַ קעלבל שטייט אין וויינגאָרטן.

האָט ער געפרעגט רבי פרידאַ׳ן:

— פאַרוואָס לאָזטו אַריין אַ קעלבל אַהער? עס קאָן דאָך אָנ־מאַכן פיל שאָדן!

האָט רבי פרידאַ אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט:

— דאָס וואָס דו זעסט דאָרטן איז ניט קיין קעלבל; דאָס איז אַ הענגל־וויינטרויבן (קלאָסטער, אשכול) פון יענע, וואָס דו האָסט געוואָלט זען!...

---

רבי אבוהו מיט נאָך צוויי תנאים זיינען אַמאָל געקומען קיין חורין און האָבן זיך געזעצט אָפּרוען לעבן אַ גאָרטן.

איז דער גערטנער אַרויסגעקומען, זיי אָפּגעבן שלום און האָט זיי אַרויסגעבראַכט עטליכע פערישקעס (פּיטשעס) צו פאַרזוכן. זיי־נען די פערישקעס געווען אַזוי גרויס, אַז אַלע דריי תנאים האָבן אַפילו קיין איינע ניט געקאָנט אויפעסן אינגאַנצן.

שפּעטער מיט אַ צייט זיינען דיזעלבע דריי תנאים ווידער גע־קומען קיין חורין און האָבן זיך אָפּגעשטעלט ווידער צו פאַרזוכן די באַרימטע פערישקעס. נאָר ווען דער גערטנער האָט זיי איצט גע־בראַכט פערישקעס, זיינען זיי דערשטוינט געוואָרן צו זען, ווי קליין זיי זיינען, אַז דריי פערישקעס האָבן זיך באַהאַלטן אין איין האַנט.

האָבן די תנאים באַדויערט דידאָזיקע געשעענעש, און האָבן דערויף געזאָגט מיט די ווערטער פון פסוק:

— דאָס פרוכטבאַרע לאַנד איז אַ וויסטעניש געוואָרן איבער די זינד פון זיינע איינוואוינער!...

* * * *

## 7.

## אַ געוויין אויף דורות

די מרגלים האָבן געזען, אַז זיי האָבן זייער שלעכטן פּלאַן וועגן לאַנד כנען ניט געקאָנט דורכפירן, ווייל כלב און יהושע האָבן זיי געשטערט, זיינען זיי געפאַלן אויף אַן׳אַנדער איינפאַל (איידיע).

זיי האָבן זיך געמאַכט קראַנק און זיך אָנגעטאָן אין תכריכים (שראודס), און האָבן זיך אַוועקגעזעצט מיט זייערע ווייבער און קינדער און אַלע קרובים צו קלאָגן און וויינען אויף אַ קול.

אַז מענטשן האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי געפרעגט:

— וואָס האָט געטראָפן? וואָס באַטייט דאָס קלאָגעניש?

האָבן די מרגלים געענטפערט:

— אוי, גוטע מענטשן, פון די פרוכטן פון לאַנד כנען זיינען מיר אַלע קראַנק געוואָרן, און פון די שווערדן פון די ריזן דאָרטן וועלן מיר אַלע פאַלן!...

האָבן שוין, אויף זיי קוקנדיק, אַנדערע מענטשן אויך אָנגעהויבן וויינען. און אָט אַזוי האָט די גאַנצע מחנה אויסגעבראָכן אין אַ שרעקליכן יאָמער.

האָט גאָט געזאָגט:

— דערפאַר וואָס דאָס פאָלק האָט ניט געגלויבט אין מיינע רייד, נאָר אין די רייד פון די מרגלים, וואָס האָבן דערציילט שקרים וועגן לאַנד, און איר האָט געוויינט אומזיסט, וועט אָט דערדאָזיקער טאָג פאַרבלייבן ביי אייך אַ טרויער־טאָג אויף לאַנגע דורות!

און אַזוי ווי דאַמאָלט איז געווען דער ניינטער טאָג פון חודש אָב, איז "תשעה באָב" געבליבן אַ טרויער-טאָג אין דער אידישער היסטאָריע:

תשעה-באָב, אין יאָר 586 פאַרן איצטיקן צייטרעכנונג, האָט די באַבילאָנישע אַרמיי פאַרברענט דעם ערשטן בית-המקדש און פאַרטריבן די אידן קיין בבל (דער ערשטער גלות).

תשעה-באָב, אין יאָר 70 פונם איצטיקן צייטרעכנונג, האָט די רוימישע אַרמיי חרוב געמאַכט דעם צווייטן בית-המקדש, און די אידן זיינען צעשפּרייט געוואָרן איבער דער וועלט (דער צווייטער, לאַנגער גלות).

תשעה-באָב, אין יאָר 1492, האָט מען די אידן אַרויסגעטריבן פון שפּאַניען, און טויזענטער זיינען אומגעקומען אויף זייער וואַנדערוועג.

און נאָך פיל נאַציאָנאַלע אומגליקן זיינען פאָרגעקומען אין דעם טאָג.

די חכמים האָבן, אָבער געטרייסט די אידן, אַז אין דעמדאָזיקן טאָג וועט דאָס אידישע פאָלק אויך געהאָלפן ווערן, ווען די צייט פון גאולה וועט קומען!

* * * *

8.

## משה'ס געבעט

די מרגלים האָבן אָנגערייצט דאָס פאָלק און געזאָגט:

— לאָמיר באַשטימען דתנ'ען און אבירמ'ען פאַר עלטסטע איבער אונז, אָנשטאָט משה'ן און אהרנ'ען, און לאָמיר זיך אומקערן קיין מצרים!

און דאָס פאָלק האָט מיט זיי איינגעשטימט (מסכים געווען).

אַז יהושע און כלב האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי פאַר ווייטאָק צעריסן זייערע קליידער און געזאָגט צום פאָלק:

— ברידער, גלויבט ניט די מרגלים! דאָס לאַנד איז גוט! פאַר־זיכערט זיך אויף גאָט, אַז ער וועט עס פאַר אונז איינגעמען!

דאָס צערייצטע פאָלק האָט זיך אָבער ניט איינגעשטילט. זיי האָבן אַלע געשטורעמט אַקעגן משה'ן און אהרנ'ען און געשריען:

— לאָמיר אָט דידאָזיקע פאַרפירער אונזערע פאַרוואַרפן מיט שטיינער!

האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן:

— ביז ווי לאַנג נאָך וועט מיך אָט דאָסדאָזיקע פאָלק דערצע־רענען? איך וועל זיי אומברייינגען פון דער וועלט, און דיך וועל איך מאַכן צו אַ גרויס ניי פאָלק!

האָט משה אָנגעהויבן בעטן ביי גאָט רחמנות אויף די אידן:

— איך בעט דיך, גרויסער האַר פון דער וועלט, פאַרגיב דעם פאָלק זיין זינד, און לאָז עס לעבן! טו מיט זיי ווייטער חסד, אַזוי ווי ביז איצט! און אויב דו וועסט זיי אומברייינגען, ווי אַזוי וועסטו מקיים זיין דיין שבועה צו זייערע עלטערן, אַז דו וועסט כנען גיבן צו זייערע קינדער?!...

האָט גאָט געזאָגט:

— ביזטו, משה, דען ניט פון אברהם, יצחק און יעקב'ס קינ־דער?

האָט משה ווידער געבעטן און געזאָגט:

— גאָט, אויב אַ שטול אויף דריי פיס (אברהם, יצחק ויעקב) קאָן ניט איינשטייען אין צייט ווען דו צערנסט, ווי אַזוי וועט אַ שטול אויף איין פוס (איך, משה, אַליין) קאָנען איינשטייען?...

— אָבער זיי זיינען דאָך רשעים? — האָט גאָט געזאָגט.

— אָט דאָס איז דאָך טאַקע דיין גרויסקייט! — האָט משה גע־ענטפערט — וואָס דו, דערבאַרעמדיקער גאָט, קאָנסט פאַרגיבן אַפילו רשעים! זאָל דיין כח גרויס ווערן אין די אויגן פון אַלע פעלקער פון דער וועלט!

האָט גאָט געזאָגט:
— סלחתי כדברך! — כ'האָב פאַרגיבן, ווי דו האָסט געבעטן!...

——:—:——

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באַנוצט אין אידיש)

**הטובה היא אם רעה** (צי איז זי גוט אָדער שלעכט?)

**ארץ אוכלת יושביה** (אַ לאַנד וואָס עסט אויף אירע איינוואוינער).

**בני ענק** (די קינדער פון ענק):

הויכע און שטאַרקע רופט מען "בני ענק" — ריזן־קינדער.

**ממצרים ועד הנה** (פון מצרים ביז אַהער).

**סלחתי כדברך** (כ'האָב פאַרגעבן, ווי דו האָסט געזאָגט).

**עד מתי?** (ביז וואַנען?)

**כי שגגה היא** (ווייל אַ פאַרזען איז דאָס; ס'איז געטאָן אומגערן).

**נפש אחת** (איין זעל):

אויף גוטע פריינט זאָגט מען: "זיי זיינען נפש־אחת".

——:—:——

סדרה

# קורח

## דער בונט פון קורח'ן

און קורח בן־יצהר, בן־קהת, בן־לוי, און דתן און אבירם בני־אליאָב, און און בן־פלת, בני־ראובן, האָבן גענומען און זיינען אויפגעשטאַנען מיט נאָך צוויי הונדערט און פופציק פון די עלטסטע און באַוואוסטע מענטשן פאַר משה'ן.

און זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט אַקעגן משה'ן און אהרנ'ען, און זיי האָבן געזאָגט צו זיי:

— גענוג פאַר אייך! ווארים די גאַנצע עדה זיינען אַלע הייליקע, און צווישן זיי אַלע געפינט זיך גאָט, — און פאַרוואָס זאָלט איר זיך האַלטן העכער איבער דעם "קהל פון גאָט" (פאָלק) ?...

און ווי משה האָט דאָס דערהערט, איז ער געפאַלן אויף זיין פנים. און ער האָט גערעדט צו קורח'ן און צו זיין עדה, אַזוי צו זאָגן:

— אינדערפרי וועט גאָט לאָזן וויסן, ווער עס איז זיינער (באַשטימט פון אים אַליין), און דעם וואָס איז הייליק, וועט ער מאַכן גענענען צו זיך!... טוט אַזוי, קורח און זיין גאַנצע עדה: נעמט אייך פייערפאַנען, און לעגט אַריין אין זיי פייער, און טוט אַרויף אויף זיי ווייררויך פאַר גאָט, מאָרגן, — און עס וועט זיין, אַז דעם מענטשן, וואָס גאָט אַליין וועט אויסדערוויילן, ער איז דער הייליקער!... גענוג פאַר אייך, בני־לוי!...

און משה האָט ווידער געזאָגט צו קורח'ן:

— הערט נאָר, בני־לוי! איז דאָס ווינציק פאַר אייך, וואָס גאָט פון ישראל האָט אייך אָפּגעשיידט פון צווישן אַלע אידן און האָט אייך געמאַכט נאָענט צו זיך, צו טאָן די עבודה פון גאָט׳ס משכן (אויפצו־שטעלן און צוצעוואַרפן דעם משכן און צו טראָגן די כלים אין צייט פון די ציאונגען) און צו שטיין פאַר׳ן פאָלק צו באַדינען עם (אין צייט ווען מע ברייגגט קרבנות) — ווילט איר נאָך אויך די כהונה? (זיין כהנים) — דערום, דו און די גאַנצע עדה דיינע, וואָס איר האָט זיך פאַרזאַמלט, איז דאָס אַקעגן גאָט אַליין; אָבער וואָס איז אהרן שול־דיק, וואָס איר קריגט אַקעגן אים?...

און משה האָט געשיקט רופן דתן און אבירם; אָבער זיי האָבן געזאָגט:

— מיר וועלן ניט אַרויפקומען! איז דאָס ווינציק, וואָס דו האָסט אונז אויפגעבראַכט פון אַ לאַנד, וואָס פליסט מיט מילך און האָניק, צו טויטן אונז אין דעם מדבר, ווילסטו נאָך הערשן איבער אונז?... דו האָסט אונז ניט געבראַכט אין דעם גוטן לאַנד, וואָס פליסט מיט מילך און האָניק, און דו האָסט ניט געגעבן קיין נחלה פון פעלד און וויינגאָרטן, ווי דו האָסט אונז צוגעזאָגט; — צי דענקסטו, אַז דו וועסט די אויגן פון דידאָזיקע מענטשן אויסשטעכן (פאַרבלענדן)? ניין, מיר וועלן ניט אַרויפקומען צו דיר!

האָט דאָס משה׳ן זייער פאַרדראָסן, און ער האָט געזאָגט צו גאָט:

— דו זאָלסט זיך ניט קערן צו זייער מתנה! איך האָב ביי זיי קיין איינציק אייזל ניט גענומען און איך האָב קיין איינציקן פון זיי קיין שלעכטס ניט געטאָן!

און משה האָט געזאָגט ווידער צו קורח׳ן:

— דו און דיין עדה זייט גרייט מאָרגן פאַר גאָט! דו און דיינע צוויי הונדערט און פופציק מענטשן און אהרן אויך!

און אַלע האָבן גענומען פייערפאַנען מיט פייער און ווייררויך, און זיי האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אין איינגאַנג פון אוהל־מועד. און משה

און אהרן זיינען אויך געווען מיט זיי.
און דער כבוד פון גאָט האָט זיך באַוויזן צו דער גאַנצער עדה.

* * * *

## די שטראָף פון גאָט

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן און צו אהרנ'ען, אַזוי צו זאָגן:
— שיידט זיך אָפּ פון צווישן דערדאָזיקער עדה, און איך וועל זיי פאַרניכטן אין אַ רגע!
זיינען זיי געפאַלן אויף זייערע פנימער און האָבן געזאָגט:
— גאָט, דו גאָט, וואָס ווייסט די געדאַנקען פון יעדן מענטשן! אויב איין מענטש זינדיקט, ווילסטו אויף דער גאַנצע עדה צערענען?
האָט גאָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:
— רעד צו דער עדה און זאָג זיי: גייט אַוועק פון אַרום קורח'ס און דתן ואבירם'ס וואוינונג!
איז משה אויפגעשטאַנען און איז געגאַנגען צו דתן ואבירם'ען צו וואָרענען זיי, און נאָך אים זיינען נאָכגעגאַנגען די זקנים פון די אידן.
און ער האָט גערעדט צו דער עדה, אַזוי צו זאָגן:
— טרעט אָפּ פון די געצעלטן פון דידאָזיקע שלעכטע מענטשן, און איר זאָלט ניט אָנרירן קיין זאַך, וואָס איז זייערס, כדי איר זאָלט ניט אומקומען פאַר זייערע זינד!
זיינען זיי אַוועק פון אַרום קורח'ס און דתן ואבירם'ס וואוינונג. און דתן ואבירם זיינען אַרויסגעקומען און האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אין איינגאַנג פון זייערע געצעלטן מיט זייערע ווייבער און זייערע זין און זייערע קליינע קינדער (צו ווייזן, אַז זיי שרעקן זיך ניט פאַר אַלע וואָרענונגען).
האָט משה געזאָגט:
— דורך דעם וועט איר וויסן, אַז גאָט האָט מיך געשיקט צו טאָן די אַלע מעשים (טואונגען), און אַז דאָס איז ניט פון מיין אייגענעם

הארצן: — אויב אָט דידאָזיקע אַלע מענטשן וועלן שטאַרבן ווי אַלע מענטשן שטאַרבן, מיט אַ נאַטירליכן טויט, איז אַ סימן, אַז גאָט האָט מיך ניט געשיקט; אויב אָבער גאָט וועט אויפטאָן עפּיס אַ נייעם אויפטו, און די ערד וועט אויפמאַכן איר מויל און וועט איינשלינגען זיי און אַלץ וואָס איז זייערס, און זיי וועלן אַראָפּנידערן לעבעדיקער־הייד אין קבר אַריין, וועט איר וויסן, אַז דידאָזיקע מענטשן האָבן גע־קראָגן זייער שטראָף דערפאַר וואָס זיי האָבן דערצערנט גאָט!

און ווי ער האָט געענדיקט רעדן דידאָזיקע אַלע ווערטער, איז די ערד אונטער זיי צעשפּאָלטן געוואָרן, און זי האָט אויפגעמאַכט איר מויל און זי האָט איינגעשלונגען זיי און זייערע הויזגעזינטן און אַלע מענטשן, וואָס זיינען געווען מיט קורח׳ן, און דאָס גאַנצע פאַרמעגן,— זיי און אַלץ וואָס איז זייערס האָבן אַראָפּגענידערט לעבעדיקערהייד אין קבר אַריין, און די ערד האָט זיי צוגעדעקט, און זיי זיינען פאַר־לאָרן געוואָרן פון צווישן דער עדה.

און אַלע אידן, וואָס אַרום זיי, זיינען אַנטלאָפן פון זייערע קולות, וואָרים זיי האָבן געזאָגט: "די ערד וועט אונז נאָך אויך איינ־שלינגען!"

און אַ פייער פון גאָט איז אַרויסגעגאַנגען און האָט פאַרברענט די צוויי הונדערט און פופציק מענטשן, וואָס האָבן מקריב געווען דעם ווייררויך.

* * * *

## די פייערפאַנען אַלס צייכן

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— זאָג צו אלעזר׳ן, אהרן הכהן׳ס זון, ער זאָל אויפהייבן די פייער־פאַנען פון צווישן דעם פאַרברענונג, און דאָס פייער וואַרף אַוועק, וואָרים די פייערפאַנען זיינען הייליק געוואָרן (און הייליקע כלים טאָרן ניט אומריין ווערן פון מתים). די פייערפאַנען פון דידאָזיקע מענטשן, וואָס האָבן פאַרזינדיקט זייערע נפשות, זאָלן איבערגעמאַכט

ווערן אויף אויסגעשלאָגענע בלעכן, און זיי זאָלן זיין אַן איבערדעק פאַר דעם מזבח. וואָרים מע האָט זיי מקריב געווען פאַר גאָט, זיינען זיי געוואָרן הייליק; — און זאָלן זיי זיין פאַר אַ צייכן צו די בני ישראל!

האָט אלעזר אַזוי געטאָן, אַזוי ווי גאָט האָט גערעדט צו אים דורך משה׳ן. אַ דערמאָנונג צו די בני ישראל, כדי אַ פרעמדער מענטש, וואָס איז ניט פון אהרנ׳ס קינדער, זאָל ניט גענענען צו רויכערן ווייך־רויך פאַר גאָט, און זאָל ניט ווערן באַשטראָפט אַזוי ווי קורח און זיין עדה.

* * * *

## דאָס פאָלק באַשולדיגט משה׳ן און אהרנ׳ען

אויף מאָרגן האָט דאָס גאַנצע פאָלק געקריגט אַקעגן משה׳ן און אהרנ׳ען, באַשולדיקנדיק זיי, אַזוי צו זאָגן:

— איר האָט געטייט אָט דאָס "פאָלק" פון גאָט!

און ווי די עדה האָט זיך פאַרזאַמלט אַקעגן משה׳ן און אהרנ׳ען, האָבן זיי זיך געקערט צום אוהל־מועד, ערשט אַ וואָלקן האָט אים צוגעדעקט, און דער כבוד פון גאָט האָט זיך באַוויזן.

און משה מיט אהרנ׳ען זיינען אַריינגעגאַנגען אין אוהל־מועד.

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— שיידט זיך אָפּ פון צווישן דערדאָזיקער עדה, און איך וועל זיי פאַרניכטן אין אַ רגע!

און זיי זיינען געפאַלן אויף זייערע פנימער.

האָט משה געזאָגט צו אהרנ׳ען:

— נעם דעם פייערפאַן און לייג אויף אים אַרויף פייער פון מזבח, און טו אַרויף ווייררויך, און ברייננג גיך צו דער עדה, און פאַר־גיב אויף זיי, וואָרים עס איז אַרויסגעגאַנגען דער צאָרן פון גאָט, — די מגפה האָט זיך אָנגעהויבן!

האָט אהרן אַזוי געטאָן, ווי משה האָט אים געהייסן, און ער האָט

זיך אָוועקגעשטעלט צווישן די טויטע און די לעבעדיקע, — און די מגפה איז פאַרהאַלטן געוואָרן.

און די, וואָס זיינען געשטאָרבן אין דער מגפה, זיינען געווען פערצן טויזנט און זיבן הונדערט, אַחוץ די, וואָס זיינען געשטאָרבן איבער קורח׳ן.

* * * *

## דער נס מיט אהרנ׳ס שטעקן

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— רעד צו די בני־ישראל, און נעם פון זיי צוועלף שטעקנס, אַ שטעקן פון יעדן נשיא פון דיין שבט. איטליכנס נאָמען זאָלסטו אויפשרייבן אויף זיין שטעקן. און אהרנ׳ס נאָמען זאָלסטו אויפשרייבן אויפ׳ן שטעקן פון שבט לוי, וואָרים איין שטעקן זאָל זיין פאַר דעם עלטסטן פון זייער שבט (כהנים און לויים זיינען פון איין שבט). און דו זאָלסט די שטעקנס אַוועקלעגן אין אוהל־מועד פאַר׳ן אָרון פון געזעץ, דאָרטן וואו איך אַנטפּלעק זיך צו אייך. און עס וועט זיין, אַז דער מענטש, וועמען איך וועל אויסדערוויילן, וועט זיין שטעקן אויפבליען, — און אַזוי וועל איך איינשטילן פון מיר די קריגערייען, וואָס די אידן קריגן אויף אייך!

האָט משה אַזוי געטאָן, ווי גאָט האָט אים באַפוילן.

און עס איז געווען אויף מאָרגן, אַז משה איז אַריינגעקומען אין אוהל־מועד, ערשט אהרנ׳ס שטעקן האָט זיך צעבליט און האָט אַרויסגעגעבן פון זיך שפּראָצונגען, און בלומען, און צייטיקע מאַנדלען.

האָט משה אַרויסגענומען אַלע שטעקנס פון פאַר גאָט צו אַלע אידן, און זיי האָבן זיי איבערגעקוקט און איטליכער האָט זיך גענומען זיין שטעקן צוריק.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— קער אום אהרנ׳ס שטעקן צום אָרון פון געזעץ פאַר אַ היטונג, אַלס אַ צייכן צו די ווידערשפּעניקע קינדער, כדי דו זאָלסט מאַכן אַ

סוף צו זייערע קריגערייען אויף מיר, און זאָלן זיי ניט שטאַרבן דער־פאַר!

האָט משה אַזוי געטאָן, ווי גאָט האָט אים באַפוילן.

* * * *

## די רעכט פון כהנים און לויים

האָבן די בני ישראל געזאָגט צו משה'ן:

— זע, אַסך פון אונז זיינען אומגעקומען, און אַזוי קאָנען מיר אַלע אומקומען: איטליכער, וואָס וועט צוקומען נאָענט צום משכן פון גאָט (און וועט זיך אָנרירן אָן הייליגקייט), וועט ער שטאַרבן; צי וועלן מיר שוין טאַקע אַלע אומקומען?

האָט גאָט געזאָגט צו אהרנ'ען (אַז אַלע זאָלן וויסן די רעכט, וואָס נאָר די כהנים און לויים האָבן):

— דו און דיינע זין, די כהנים, און דיין פאָטער'ס הויז, דער גאַנצער שבט לוי, מיט דיר, זאָלט טראָגן די זינד פון הייליקטום (איר זאָלט זיין פאַראַנטוואָרטליך, אויב אַ פרעמדער וועט אַריינקומען אין מקדש), און דו און דיינע זין מיט דיר, די כהנים, זאָלט איר טראָגן די זינד פון דער כהונה (קיינער אַחוץ אייך טאָר ניט טאָן די אַרבייט פון כהנים). און אויך דיינע ברידער, שבט לוי, מאַך נאָענט מיט דיר, און זאָלן זיך באַהעפטן צו דיר און דיך באַדינען (די לויים זאָלן תמיד רוען אַרום דעם משכן), און דו און דיינע זין מיט דיר זאָלן היטן פאַר דעם געצעלט פון געזעץ. די לויים זאָלן היטן דאָס גאַנצע געצעלט אַרום, אָבער צו די הייליקע כלים, אינעווייניק אין משכן, (די מנורה, דעם שולחן און דעם גאָלדענעם מזבח) און אויך צום מזבח (וואָס איז אויסער דעם געצעלט) זאָלן זיי ניט גענענען, כדי זיי זאָלן ניט שטאַרבן, סיי זיי און סיי איר. און קיין פרעמדער זאָל ניט גענענען צו אייך, און עס זאָל מער ניט זיין קיין צאָרן אויף די בני ישראל!

און גאָט האָט גערעדט צו אהרנ'ען:

— איך האָב געגעבן פאַר אייך אַלס מתנה דאָס איבערבלייבעכץ

פון אַלע הייליגקייטן פון די בני ישראל, (וואָס בלייבן איבער און ווערן ניט אויפגעבראַכט אויפ'ן מזבח), דאָס איז דער חלק פאַר דיר און דיינע זין אַלס אייביק געזעץ. דאָס זאָל געהערן צו דיר פון די הייליקסטע הייליגקייטן, וואָס בלייבט ניט פאַרברענט אין פייער: אַלע זייערע קרבנות, שפייזאָפּפער (מנחה), זינדאָפּפער (חטאת), און שולדאָפּפער (אָשם), וואָס זיי צאָלן צו מיר. אין הייליקסטן אָרט (אין הויף פון אוהל מועד: די עזרה) זאָלסטו עס עסן, יעדער זכר מעג עס עסן, הייליק זאָל עס זיין פאַר דיר. און דאָס געהערט צו דיר און צו דיינע זין און צו דיינע טעכטער מיט דיר, און יעדער ריינער מענטש, וואָס אין דיין הויז מעג עס עסן: די אַלע קרבנות פון די בני ישראל וואָס מע הויבט זיי אויף (אַ דאַנק-קרבן, "קרבן תודה", אַ "קרבן שלמים" און אַ ווידער פון אַ נזיר; — זיי הייסן "קדשים קלים", גרינגע הייליקייטן); דאָס בעסטע פון אייל, פון וויין און פון תבואָה, און די ערשטצייטיקע פון אַלץ, וואָס די בני ישראל ברייננגען צו גאָט, זאָל עס געהערן צו דיר; יעדער נדר, וואָס אַ ישראל איז מנדר; יעדער בכור פון אַלע באַשעפענישן, וואָס זיי ברייננגען צו גאָט, פון אַ מענטשן און פון אַ בהמה געהער צו דיר, — אָבער דעם בכור פון מענטשן דאַרפסטו אויסלעזן, נאָכדעם ווי ער איז שוין אַ חודש אַלט, מיט פינף זילבערנע שקלים, (מע רופט עס "פדיון הבן", ווען מע לייזט אויס דעם ערשטגעבאָרענעם זון); און אויך דעם בכור פון אַ טמא בהמה זאָלסטו אויסלייזן.

אָבער אַ בכור פון אַ רינד, אָדער פון אַ שעפּס, אָדער פון אַ ציג, טאָרסטו ניט אויסלייזן; זיי זיינען הייליק. זייער בלוט און פעטס דאַרף געבראַכט ווערן אַ קרבן צו גאָט, און זייער פלייש געהער אינ־גאַנצן צו דיר.

און פאַר די לוויים האָב איך געגעבן יעדן מעשר פון תבואה פאַר אַ נחלה, פאַר זייער אַרבעט אין אוהל-מועד (מעשר איז אַ צענט־חלק, וואָס יעדער איד גיט פון זיין תבואָה). און די לוויים דאַרפן פון זייער מעשר אויך געבן מעשר צום כהן.

———:·:———

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## קורח האָט געריצט די אידן

קורח פלעגט צונויפרופן די אידן און זיי אָנרייצן אויף משה'ן און אהרנ'ען, וועלכע בארויבן דאָ פאָלק.

איינמאָל האָט קורח צוזאַמענגענומען דאָס פאָלק און זיי דער־ציילט אַזאַ מין פאַנטאַסטישן שפּאַס:

לעבן מיר וואוינט אַן אָרימע אַלמנה מיט צוויי טעכטער. די אַלמנה פאַרמאָגט מער ניט, ווי אַ קליין שטיקל פעלד. איז זי אַרויס־געגאַנגען צו אַקערן די ערד מיט אַ געדונגענעם אָקס און מיט אַ גע־דונגענעם אייזל.

איז געקומען משה און האָט אויף איר אָנגעשריען:

— טאָרסט ניט אַקערן מיט אַן אָקס און אַן אייזל אינאיינעם!

האָט זי זיך גוט אָנגעמוטשעט און צואַקערט מיט'ן אָקס אַליין, און האָט שוין גענומען צו פאַרזייען. איז משה ווידער געקומען און אָנגעשריען אויף איר:

— טאָרסט ניט פאַרזייען קיין "כלאים" (זאָמען פון פאַרשיידענע מינים אינאיינעם)!

האָט זי שוין פאַרזייט די תבואה. געוואַרט ביז עס איז אויסגע־וואַקסן. און ווי נאָר זי האָט זיך גענומען שניידן די זאַנגען, איז משה געקומען און איר געזאָגט:

— זאָלסט ניט אָפּשניידן די תבואה ביי די עקן פעלד! (פאה) זאָלסט ניט אויפקלייבן די זאַנגען וואָס פאַלן אַראָפּ! (לקט) זאָלסט

ניט קומען נעמען דאָס, וואָס דו פאַרגעסט אין פעלד! (שכחה) דאָס אַלץ געהער צו די אָרימעלייט!

האָט זי שוין אָפּגעשניטן די תבואה און זיך גענומען דרעשן, איז משה געקומען און איר געזאָגט:

— זאָלסט ניט פאַרגעסן צו געבן דערפון תרומה צום כהן און מעשר צום לוי!...

האָט די אלמנה שוין פאַרקויפט דאָס פעלד און געקויפט זיך אַ פּאָר ציגן, זי זאָל האָבן מילך צו טרינקען, וואָל צו קליידן זיך, און אַמאָל אַ שטיקל פלייש צו עסן. איז ווי נאָר די ציגן האָבן געבוירן, איז אהרן געקומען און געזאָגט:

— די ערשטגעבוירענע (בכורים) געהערן צו מיר!

האָט זי זיך גענומען אָפּשערן די וואָל פון די שעפּסן, איז אהרן ווידער געקומען און געזאָגט:

— די ערשטע געשאָרענע וואָל געהערט צום כהן (ראשית הגז)!

איז די אלמנה געוואָרן בייז און האָט שוין באַשלאָסן צו קוילען די פּאָר שעפּסן אירע און זיי אויפעסן. ווי נאָר זי האָט זיי געקוילעט, איז אהרן ווידער געקומען און געזאָגט:

— די "זרוע" (אָרם), די "לחיים" (באַקן) און די "קיבה" (מאָגן) געהערן צום כהן!

האָט די אלמנה אַ פאַרצווייפלטע אויסגעשריען:

כ'האָב געמיינט, אַז איצט בין איך שוין פּטור געוואָרן, און צום סוף דאַרף איך נאָך אַלץ געבן און געבן? בעסער זאָל שוין דאָס פלייש זיין "חרם" (הייליק צו גאָט)!

— אויב אַזוי? — האָט אהרן געזאָגט — געהערט דער גאַנצער חרם איצט צום כהן; גיב אַהער דאָס גאַנצע פלייש!...

ווען די אידן האָבן אויסגעהערט דידאָזיקע געשיכטע, זיינען זיי אַוועק מיט פאַרדראָס צו משה'ן און גענומען טענה'ן מיט אים. האָט משה זיי געענטפערט:

— גאָט האָט עס באַפוילן אומיסטן, כדי אַז איטליכער מענש זאָל פאַרשטיין, אַז ער טאָר ניט לעבן נאָר פון זיינעט וועגן אַליין;

נאָר ער דאַרף זען, אַז אַ צווייטער זאָל אויך קאָנען לעבן! און דאָס גאַנצע פאָלק דאַרף אויסהאַלטן זיין רעגירונג אויך! דאָס איז ניט קיין רעה, נאָר אַ טובה פאַר אייך אַלע!...

* * * *

2.

## מ׳שטראָפט ניט אײדער מ׳וואָרנט

משה האָט ניט געקוקט אויף זיין כבוד, אַלס פירער פון פאָלק, און ער איז אַליין געקומען צו קורח׳ן מיט זיין עדה, און געפּרואווט רעדן צו זיי מיט גוטן:

— ליבע ברידער מיינע! זאָגט מיר, וואָס פאַר שלעכטס האָב איך אייך געטאָן? צי הער איך דען איבער אייך מיט אַ שטאַרקער האַנט? צי נעם איך דען צו עפּיס ביי עמיצן פון מיינעט וועגן? באַטראַכט זיך, אַז נאָר צוליב אייך בין איך געגאַנגען פון מדין קיין מצרים, און אַזויפיל געליטן אין מצרים, און נאָר כדי צו מאַכן אייך פאַר אַ פריי פאָלק! איר זיינט טאַקע אַלע הייליק, און דאָס וויל איך טאַקע; אָבער אַלע קאָנען דאָך קיין פירער ניט זיין! באַדענקט אייך, ברידער!

נאָר אַז קורח מיט זיין עדה האָבן גאָרניט געוואָלט הערן, האָט משה זיי געוואָרנט:

— גערענקט, איר ווידערשפּעניקט גאָט׳ס באַפעל, און ער וועט אייך שטראָפן דערפאַר!

און מיט גרוים רחמנות אויף זיי האָט זיך משה צוריקגעקערט אין געצעלט.

* * * *

3.

## צוליב שלום

איידער משה איז אַריינגעקומען צו קורח'ן אין געצעלט, האָבן אים דערזען קורח'ס דריי זין, און זיי האָבן זיך געשעמט צו קוקן אים אין די אויגן.

און זיי האָבן געקלערט צווישן זיך:

— וואָס זאָלן מיר טאָן? אויב מיר וועלן אויפשטיין פאַר משה'ן, וועט דאָס פאַרדריסן אונזער פאָטער, וואָס מיר גיבן זיין שונא כבוד; אויב אָבער מיר וועלן ניט אויפשטיין פאַר'ן פירער, וועט דאָס גאָט פאַרדריסן, וואָס מיר גיבן ניט אָפּ קיין כבוד צו זיין שליח?

האָט איינער פון זיי געזאָגט:

— הערט אוים ברידער, שלום איז העכער פון מחלוקת! לאָמיר אָפּגעבן כבוד משה'ן, וואָס קומט צוליב שלום, און ניט קוקן אויפ'ן פאַרדראָס פון אונזער טאַטע'ן, וואָס איז אויסן מחלוקת!

און דערפאַר זיינען קורח'ס זין ניט אומגעקומען אינאיינעם מיט זייער פאָטער און מיט דער עדה, ווייל גאָט האָט געזאָגט:

קורח'ס זין וועלן געבענטשט ווערן מיט שלום!...

* * * *

4.

## וואָס אַ ווייב קאָן...

קורח'ס ווייב איז געווען זייער אַ שלעכטע און אַ בייזע. זי האָט שטענדיג געהאַלטן אין איין אויפרייצן איר מאַן אַקעגן משה'ן און אהרנ'ען:

— וואָס פאַר אַ מענטש ביזטו? זיי האָבן פאַרכאַפּט די גאַנצע מאַכט איבער'ן פאָלק, און דו שווייגסט! דו ביזט רייכער פון זיי און דיר קומט מער כבוד פון זיי!...

אין קורח'ס עדה איז געווען איינער מיט'ן נאָמען און־בן־פּלת פון שבט ראובן, וועלכער איז אויך געווען אין כעס אויף משה'ן און אהרנ'ען.

און'ס ווייב אָבער איז געווען זייער אַ גוטע און אַ לייטישע. האָט זי איר מאַן שטענדיג אָפּגעהאַלטן פון צו גיין מיט דעם קריגערישן קורח'ן אין מחלוקת:

— מיש זיך ניט אין מחלוקת, מיין מאַן! דיר איז קיין חילוק ניט, ווער דער פירער וועט זיין, משה, אָדער קורח, — דו קאָנסט דאָך סיי־ווי ניט דערוואַרטן אַז מע זאָל דיך מאַכן פאַר'ן פירער!...

וואָס האָט זי געטאָן? האָט זי איר מאַן אָנגעטרונקן מיט וויין, און ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן. און זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר און האָט קיינעם צו אים ניט אַריינגעלאָזט.

איז קורח מיט זיין עדה טאַקע אומגעקומען, און און־בן־פּלת איז געבליבן ביי זיך אין געצעלט און איז געראַטעוועט געוואָרן.

און דערפאַר האָט דער גרויסער חכם שלמה המלך געזאָגט:

"חכמת נשים בנתה ביתה, ואוולת בידיה תהרסנה": דאָס קלוג־שאַפט פון דער פרוי בויעט איר הויז, און דאָס נאַרישקייט איר'ס צע־שטערט עס מיט אירע הענט!

אויף אידיש זאָגט מען:

"אַ ווייב וואַרפט פון די פיס, און אַ ווייב שטעלט אויף די פיס!"...

* * * *

5.

## ליבע צום פאָלק

אויפן צווייטן טאָג, נאָכדעם ווי דאָס פייער פון גאָט האָט פאַר־ברענט די צוויי הונדערט און פופציק מענטשן, האָט זיך דאָס גאַנצע פאָלק פאַרזאַמלט אַקעגן משה'ן און אהרנ'ען, און זיי האָבן געשריען:

— איר האָט אומגעבראַכט אָט די אַלע מענטשן!

האָט גאָט באַפוילן משה׳ן:

— שיידט זיך אָפּ פון צווישן אָט דער עדה, און איך וועל זיי באַלד אַלע פאַרטיליקן פון דער וועלט!

און אין דערזעלבער שעה האָט אויסגעבראָכן די מגפה (עפּי־דעמיק) אין פאָלק.

אַז משה האָט דאָס דערהערט, האָט ער אויסגעשריען צו אהרנ׳ען:

— לויף גיך, ברודער, נעם די פייערפאַן און לייג אויף איר אַרויף פייער פונם מזבח, און אויפן פייער טו אַרויף "קטורת", און גיי דורך דערמיט צווישן פאָלק און זאָל די מגפה אָפּגעשטעלט ווערן!

האָט אהרן זיך פאַרוואונדערט און אים געפרעגט:

— צי ווילסטו, מיין ברודער, אַז איך זאָל אויך געטויט ווערן אַזוי ווי מיינע צוויי זין נדב און אביהוא? זיי האָבן געזינדיקט מיט דעם וואָס זיי האָבן אַריינגעבראַכט פרעמד פייער, און איצט וועל איך זינדיקן דערמיט, וואָס איך וועל אַרויסברענגען דאָס הייליקע פייער אין דרויסן אַרויס!

האָט משה געזאָגט:

— אָבער, ברודער מיינער, אין דערדאָזיקער צייט, וואָס מיר רעדן דאָ, פאַלן פונם פאָלק אַסך מענטשן, און איך ווייס, אַז דו ביזט דער איינציקער, וואָס דו קאָנסט מיט דיין "קטורת" אָפּשטעלן די מגפה!

ווען אהרן האָט דאָס דערהערט, איז ער אויפגעשפרונגען און געזאָגט:

— פאַרגיב מיר משה! איך האָב גאָרניט געוואוסט, אַז אָן מיר הענגען אָפּ די לעבנס פון מיין פאָלק. אויב אַזוי, בין איך גרייט אויף אַלץ. זאָל מיט מיין לעבן זיין וואָס ס׳וועט זיין, נאָר איך וועל לויפן ראַטעווען דאָס פאָלק!

און אהרן איז אַוועק און האָט זיך געשטעלט צווישן די טויטע און די לעבעדיקע, און די מגפה האָט באַלד אויפגעהערט.

* * * *

## 6.

# די שטראָף פאַר מחלוקת

רבי ברכיה האָט געזאָגט:

— זעט, ווי גרוים עס איז די שטראָף פאַר פירן מחלוקת (קריי־געריי איבער מיינונגען אָדער שטרעבונגען; קאָנטענשאָן), און ווי מ׳דאַרף זיך שטאַרק אויסהיטן דערפון.

דער בית־דין של מעלה, אויבן אין הימל, שטראָפט אַ מענטשן פאַר זיינע זינד ערשט אין דער עלטער פון צוואַנציק יאָר און העכער.

דער בית־דין של מטה, דאָ ביי אונז אין געריכט, שטראָפן מיר שוין איינעם פאַר זיינע זינד, ווען ער איז דרייצען יאָר אַלט און העכער.

אָבער בשעת יענער גרויסער מחלוקת פון קורח׳ן און זיין עדה, זיינען אַפילו קליינע קינדערלאַך געשטראָפט געוואָרן, ווייל זיי זיינען אינאיינעם מיט זייערע עלטערן פאַרברענט און איינגעשלונגען געוואָרן אין דער ערד!

און דערום דאַרף מען אַנטלויפן פון מחלוקת, און נאָכלויפן נאָך שלום!

---

„אַ קלוגער קומט־דורך מיט יעדן בשלום; אַ נאַר האַלט אַפילו מיט זיך אַליין אויך קיין שלום ניט!...

(דאָס ווערטל האָב איך געהערט פון מיין מאַמע׳ן ז״ל.
דער מחבר).

* * * *

## 7.

## וואָס "מחלקת" מיינט

די חכמים האָבן אויסגעטייטשט וואָס דאָס וואָרט "מחלוקת" סימבאָליזירט:

די ראָשי־תיבות (איניציאַלן, אינישלס) פון דעם וואָרט "מחלקת" באַטייטן אַט וואָס —

**מ** — מרה (ביטער), **ח** — חרון (גרימצאָרן, כעס), **ל** — לוקין (מ׳ווערט געשלאָגן), **ק** — קללה (פאַרשאָלטן), **ת** — תועבה (אומווירדיק).

---

פון מיין פאָטער ז״ל, האָב איך אַמאָל געהערט די פאָלגענדע אויסטייטשונג:

**מ** — מביאָה (זי ברייגנט), **ח** — חורבן (צעשטערונג), **ל** — לכל (צום גאַנצן), **ק** — קיום (עקזיסטענץ), **ת** — תבל (פון דער וועלט).

דער מחבר.

* * * *

## 8.

## פיר ווערן אָנגערופן רשעים

די חכמים האָבן געלערנט:

דידאָזיקע פיר סאָרטן מענטשן ווערן אָנגערופן רשעים (שלעכטע, זינדיקע):

א) דער וואָס הויבט אַ האַנט אויף אַ צווייטן צו שלאָגן (אַפילו ער האָט ניט געשלאָגן);

ב) דער וואָס לייט ביי אַ צווייטן און וויל ניט אָפּגעבן צוריק;

ג) דער וואָס איז אַן עזות־פּנים (אַ חצוף, אָן דרך־ארץ, אָן רעספּעקט) אַקעגן אַן עלטערן אָדער אַ גרעסערן פון זיך; און
ד) דער וואָס איז אַ בעל־מחלוקת, און האָט ליב זיך אַרומצו־קריגן מיט יעדן, וואָס איז מיט אים ניט איינשטימיק.

——:——

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באַנוצט אין אידיש)

**אנשי שם**... (מענטשן מיט נעמען; באַוואוסטע מענטשן).

**רב לכם** (גענוג פאַר אייך).

**כלם קדושים** (אַלע זיינען הייליקע).

**העיני האנשים ההם תנקר** (צי ווילסטו אויסשטעכן יענע מענטשנ׳ס אויגן?)

אָנשטאָט: "ווילסטו פאַרבלענדן די אויגן?"

**הבדלו מתוך העדה הזאת** (שיידט זיך אָפּ פון דערדאָזיקער קאָמפּאַני).

**האיש אחד יחטא, ועל כל העדה תקצוף** (אַז איין מענטש זינ־דיקט, ווילסטו צערענען אויף דער גאַנצער עדה?)

**כי לא מלבי** (וואָרים ניט פון מיין הארצן האָב איך עס געזאָגט:)

אָנשטאָט: "כ׳טראַכט עס ניט אוים פון קאָפּ".

——:——

סדרה

# חוקת

(דאָס געזעץ)

## דין וועגן פרה אדומה (רויטע קו)

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן און אהרנ׳ען, אַזוי צו זאָגן:

— רעד צו די אידן און זאָג זיי, אַז דאָס איז דאָס געזעץ פון דער תורה: זאָלן זיי דיר ברענגען אַ רויטע קו, אַ גאַנצע אָן אַ פעלער (מום), וואָס אויף איר איז נאָך קיין יאָך ניט געלעגן. און איר זאָלט זי געבן צו אלעזר הכהן, און ער זאָל זי אַרויספירן אויס דער מחנה, און עמיצער, אַפילו אַ פראָסטער מאַן, זאָל זי שעכטן פאַר אלעזר׳ס אויגן. און אלעזר זאָל מיט זיין פינגער שפּריצן פון איר בלוט זיבן מאָל אַקעגן מזרח־זייט פון אוהל־מועד. און עמיצער זאָל פאַרברענען די גאַנצע קו פאַר אלעזר׳ס אויגן, און אלעזר זאָל אַריינוואַרפן טענענ־האָלץ, אזוב־גראָז, און רויטן פאָדים אין דעם פאַרברענונג פון דער קו. און ער זאָל זיין טמא ביז אָוונט, און נאָכדעם זאָל ער וואַשן זיינע קליידער אין וואַסער און אַריינקומען אין לאַגער.

און אַ ריינער מענטש זאָל איינזאַמלען דאָס אַש פון דער קו, און ער זאָל עס אַוועקלייגן אויס דער מחנה אין אַ ריין פּלאַץ, און אָט דאָס זאָל אָפּגעהיט זיין ביי די אידן, כדי צו אויסמישן עס מיט וואַסער,— דאָס איז אַ קרבן וואָס רייניקט.

איטלאַכער, וואָס האָט זיך אָנגערירט אָן אַ מת, און ער איז טמא זיבן טעג, זאָל מען אויף אים שפּריצן מיט דעם אויסמיש פון אַש מיט

קוועלענדיגער וואַסער אויפן דריטן און אויפ'ן זיבעטן טאָג, און ער וועט זיין ריין.

* * * *

## משה שלאָגט אַרויס וואַסער פון פעלז

און די אידן זיינען געקומען אין מדבר צין, און דאָס פאָלק האָט זיך באַזעצט אין קדש. איז מרים דאָרטן געשטאָרבן און דאָרטן באַגראָבן געוואָרן.

און דאָס פאָלק האָט קיין וואַסער ניט געהאַט, און זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט אַקעגן משה'ן און אהרנ'ען, און זיי האָבן זיך געקריגט און געזאָגט:

— הלואי וואָלטן מיר אויך געווען אומגעקומען, ווען אונזערע ברידער זיינען אומגעקומען פאַר גאָט! און צו וואָס האָט איר אונז געבראַכט אין דעמדאָזיקן מדבר, אויסצושטאַרבן אינאיינעם מיט אונזערע בהמות? און צו וואָס האָט איר אונז אַרויסגענומען פון מצרים אין אַזאַ אָרט, וואו מען קען גאָרניט פאַרזייען, און עס וואַקסט ניט קיין פרוכט, און קיין וואַסער איז ניטאָ צו טרינקען?

זיינען משה און אהרן אַוועק פון פאָלק און געקומען צום איינגאַנג פון אוהל-מועד, און זיי זיינען געפאַלן אויף זייערע פנימער, און גאָט'ס כבוד האָט זיך צו זיי באַוויזן.

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן:

— נעם דעם שטעקן, און דו און דיין ברודער אהרן זאָלט איינזאַמלען די עדה, און איר זאָלט רעדן צום פעלז פאַר זייערע אויגן, אַז ער זאָל אַרויסגעבן פון זיך זיינע וואַסערן, — און דו וועסט פאַר זיי אַרויסציען וואַסער פון פעלז און דו וועסט אָנטרינקען די עדה און זייער פי!

האָט משה גענומען דעם שטעקן פון אוהל-מועד, ווי גאָט האָט אים באַפוילן. און ער מיט אהרנ'ען האָבן איינגעזאַמלט דאָס פאָלק ביים פעלז. און משה האָט צו זיי געזאָגט:

— הערט אוים, איר ווידערשפעניקער, זאָלן מיר אייך אַרויס־ציען וואַסער פון דעמדאָזיקן פעלז?

און משה האָט אויפגעהויבן זיין האַנט און האָט געשלאָגן מיט זיין שטעקן דעם פעלז צוויי מאָל, און עס איז אַרויס אַסך וואַסער, און דאָס פאָלק מיט זייער פי האָבן געטרונקן.

האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן און צו אהרנ'ען:

— דערפאַר וואָס איר האָט ניט געגלויבט אין מיר צו הייליקן מיך פאַר די אויגן פון די אידן, (איך האָב געזאָגט צו רעדן צום פעלז, און דו האָסט אים געשלאָגן!) דערום וועט איר ניט אַריינברענגען דאָסדאָזיקע פאָלק אין דעם לאַנד, וואָס איך האָב זיי געגעבן!

אָט דאָס זיינען די וואַסערן פון מריבה, וואו די אידן האָבן גע־קריגט (מי מריבה) אַקעגן גאָט, און ער איז געהייליקט געוואָרן דורך זיי.

* * * *

## אדום לאָזט ניט דורכגיין זיין לאַנד

און משה האָט געשיקט שליחים פון קדש צום מלך פון אדום:

— אַזוי זאָגט דיין ברודער ישראל! דו ווייסט די אַלע מאַטער־נישן, וואָס האָבן אונז געטראָפן! אונזערע עלטערן האָבן גענידערט קיין מצרים, און מיר זיינען דאָרטן געזעסן אַסך יאָרן, און די מצרים האָבן שלעכטס געטאָן אונז און אונזערע עלטערן. האָבן מיר געשריען צו גאָט, און ער האָט דערהערט אונזער קול, און ער האָט אונז גע־שיקט אַ שליח (משה'ן), און ער האָט אונז אַרויסגענומען פון מצרים. און אָט איצט זיינען מיר אין קדש, ביים עק פון דיין גרעניץ. לאָז אונז, איך בעט דיך, דורכגיין דיין לאַנד! מיר וועלן ניט גיין דורך פעלד און וויינגאָרטן, און מיר וועלן ניט טרינקען קיין ברונעם־וואַסער; מיר וועלן נאָר גיין אויפ'ן ברייטן טראַקט (דרך המלך), ניט אָפּנייגנדיק רעכטס אָדער לינקס, ביז וואַנען מיר וועלן אַריבער דיין גרעניץ!

האָט אדום געשיקט זאָגן:

— דו זאָלסט ניט וואַגן דורכגיין מיין לאַנד, וואָרים איך וועל מיט אַ שווערד אַרויסגיין אַקעגן דיר!

האָבן די אידן ווידער געשיקט זאָגן אדום׳ען:

— מיר וועלן גיין מיט׳ן אויסגעטראָטענעם וועג, און אויב מיר און אונזער פי וועלן טרינקען פון דיין וואַסער, וועלן מיר דיר באַצאָלן דערפאַר. מיר בעטן דאָך קיין זאַך ניט, בלויז דורכגיין דיין גרעניץ און אָנרירן דיין ערד מיט אונזערע פיס!

האָט אדום געענטפערט:

— דו זאָלסט ניט דורכגיין!

און אדום איז אַרויס אַקעגן די אידן מיט פיל מענטשן און מיט אַ שטאַרקער (באַוואָפנטער) האַנט, און ער האָט די אידן ניט דורכגעלאָזט.

האָבן די אידן אָפּגענייגט פון אים, און זיי האָבן געצויגן פון קדש און געקומען צום באַרג הור (הור ההר).

* * * *

## אהרן שטאַרבט אין הור ההר

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן און צו אהרנ׳ען אויפ׳ן באַרג הור, אַזוי צו זאָגן:

— אהרן וועט דאָ איינגעזאַמלט ווערן צו זיין פאָלק (שטאַרבן), וואָרים ער וועט ניט קומען צום לאַנד, וואָס איך האָב געגעבן צו די אידן, דערפאַר וואָס איר האָט ווידערשפעניקט מיינע ווערטער ביי די וואַסערן פון מריבה (מי מריבה). נעם אהרנ׳ען און אלעזר׳ן זיין זון און ברייננג זיי אַרויף אויפן באַרג הור. און טו אויס אַהרנ׳ען זיינע קליידער, און טו זיי אָן אלעזר׳ן זיין זון, — און אהרן וועט דאָרטן שטאַרבן!

האָט משה אַזוי געטאָן, ווי גאָט האָט אים באַפוילן. און זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג הור פאַר די אויגן פון גאַנצן פאָלק,

און אהרן איז דאָרטן געשטאָרבן אויפן שפּיץ באַרג (אין עלטער פון הונדערט מיט דריי און צוואַנציק יאָר).

און ווען משה מיט אלעזר'ן האָבן אַראָפּגענידערט צוריק פון באַרג, און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געזען, אַז אהרן איז געשטאָרבן, האָט אים דאָס גאַנצע הויז פון ישראל באַוויינט דרייסיק טעג.

* * * *

## דער כנעני האַלט מלחמה מיט די אידן

ווען דער כנעני, דער קעניג פון ערד, וואָס האָט געוואוינט אין דרום זייט, האָט געהערט, אַז די אידן זיינען אָנגעקומען אויפן וועג פון אתרים, האָט ער געמאַכט אַ מלחמה מיט זיי און האָט געפאַנגען אייניקע פון זיי.

האָט ישראל אַ נדר געטאָן צו גאָט און געזאָגט:

— אויב דו, גאָט, וועסט געבן אָט דאָסדאָזיקע פאָלק אין מיין האַנט, וועל איך זייערע שטעט מאַכן חרם! (מאַכן הייליק צו גאָט, אַז קיינער זאָל דערפון קיין הנאה ניט האָבן).

און גאָט האָט צוגעהערט צום קול פון ישראל, און ער האָט אי־בערגעגעבן דעם כנעני אין זיין האַנט. און די אידן האָבן געמאַכט חרם אַלע שטעט.

און מע האָט גערופן דאָסדאָזיקע אָרט: חרמה.

* * * *

## די גיפטיקע שלאַנגען

און די אידן האָבן געצויגן ווייטער פון באַרג הור אויפן וועג פון ים־סוף, כדי אַרומצוגיין דאָס לאַנד אדום. און דאָס פאָלק איז געוואָרן אומגעדולדיק אין וועג.

און דאָס פאָלק האָט גערעדט אויף גאָט און אויף משה'ן:

— נאָך וואָס האָט איר אונז אַרויפגעבראַכט פון מצרים צו שטאַרבן אין דעם מדבר? וואָרים קיין ברויט איז ניטאָ, און קיין וואַסער איז ניטאָ, און אונזער זעל איז שוין מיאוס געוואָרן אָט דאָס גרינגע ברויט (דער מן)!

האָט גאָט אָנגעשיקט אויפן פאָלק פייערדיקע שלאַנגען (וואָס ברענען מיט זייער גיפט, ווי מיט פייער), און זיי האָבן געביסן דאָס פאָלק, און פיל פון די אידן זיינען אויסגעשטאָרבן.

איז דאָס פאָלק געקומען צו משה׳ן און זיי האָבן געזאָגט:

— מיר האָבן געזינדיקט, וואָרים מיר האָבן גערעדט אויף גאָט און אויף דיר! בעט גאָט, און זאָל ער צונעמען אָט די שלאַנגען פון אונז!

האָט משה געבעטן פאַרן פאָלק. און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— מאַך דיר אַ פייערדיקע שלאַנג, און טו זי אַרויף אויף אַ הויכן שטאַנג. און עס וועט זיין, אַז יעדער געביסענער פון אַ שלאַנג וועט אַ קוק טאָן אויף איר, וועט ער בלייבן לעבן!

האָט משה געמאַכט אַ קופערנע שלאַנג, און ער האָט זי אַרויפ־געטאָן אויף אַ הויכן שטאַנג, און יעדער געביסענער, וואָס האָט אַ קוק געטאָן אויף איר, איז געהיילט געוואָרן און געבליבן לעבן!

* * * *

## דאָס געזאַנג ביים ברונעם

און די אידן האָבן אַוועקגעצויגן און גערוט אין אובות, און אין עיי־העברים, און אין מדבר וואָס פאַר מואָב, אַקעגן זונאויפגאַנג, און אין טאָל זרד, און אויף יענער זייט ארנון וואָס אין מדבר און וואָס גייט אַרויס פונם גרעניץ פון אמורי. וואָרים ארנון איז מואָב׳ס גרע־ניץ, צווישן מואָב און צווישן דעם אמורי.

און פון דאָרטן האָבן זיי געצויגן קיין באר (ברונעם).

דאָס איז דער ברונעם, וואָס גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן: "זאַמל איין דאָס פֿאָלק און איך וועל זיי געבן וואַסער!"

דאַמאָלט האָט ישראל געזונגען דידאָזיקע שירה (געזאַנג):

קוועל אַרויף, ברונעם! —
זינגט אַזוי צו אים —
דער ברונעם, וואָס געגראָבן האָבן אים האַרן,
אויסגעהאַקט האָבן אים פֿירשטן פֿון פֿאָלק,
(משה און אהרן)
מיט'ן צעפּטער, מיט זייערע שטעקנס!

און פֿון מדבר האָבן זיי געצויגן קיין מתנה, און קיין נחליאל, און קיין במות, און צום טאָל וואָס אין פֿעלד פֿון מואָב, ביים שפּיץ פֿון פּסגה, וואָס קוקט אַראָפּ אויף דער וויסטע.

* * * *

## די מלחמה מיט סיחון

און ישראל האָט געשיקט שליחים צו סיחון דעם קעניג פֿון אמורי, אַזוי צו זאָגן:

— לאָז מיך דורכגיין דורך דיין לאַנד! מיר וועלן ניט אָפּנייגן אין אַ פֿעלד אָדער אין אַ ווייַנגאָרטן; מיר וועלן ניט טרינקען קיין ברונעם־וואַסער; אויפֿן ברייטן טראַקט (דרך המלך) וועלן מיר גיין, ביז מיר וועלן אַריבער דיין גרעניץ!

אָבער סיחון האָט ניט געלאָזט די אידן דורכגיין זיין גרעניץ, און ער האָט איינגעזאַמלט זיין גאַנץ פֿאָלק און איז אַרויסגעגאַנגען אַקעגן די אידן אין מדבר אַריין, און האָט מיט זיי מלחמה געהאַלטן.

האָבן די אידן אים געשלאָגן מיטן שאַרף פֿון שווערד, און זיי האָבן איינגענומען זיין לאַנד פֿון ארנון ביז יבוק, ביז די בני עמון. און ישראל האָט זיך באַזעצט אין די אַלע איינגענומענע שטעט פֿון אמורי, אין חשבון און אין אַלע קלענערע שטעטלאַך. וואָרים חשבון איז געווען די קרוין־שטאָט פֿון סיחון דעם מלך פֿון אמורי, וואָס האָט

מלחמה געהאַלטן מיטן פריערדיקן קעניג פון מואָב און האָט צוגע־נומען פון אים זיין גאַנץ לאַנד ביז ארנון.

דערום פלעגן די פאָלק־זינגער זאָגן, דאַמאָלט ווען סיחון האָט צוגענומען חשבון פון מואָב:

קומט, איר אמורים, קיין חשבון!
זאָל געבויעט און אויפגעשטעלט
ווערן ווידער די שטאָט פון סיחון!
וואָרים אַ פייער איז אַרויס פון חשבון,
אַ פלאַם — פון דער שטאָט סיחון,
און האָט פאַרברענט ער פון מואָב,
די האַרן פון די הויכן פון ארנון!
וויי צו דיר, מואָב,
פאַרלאָרן ביזטו, פאָלק פון אָפּגאָט כמוש!
ער האָט געלאָזט ווערן זיינע זין
אַנטלאָפענע (פליטים),
און געלאָזט זיינע טעכטער גיין
אין געפאַנגענשאַפט, —
צו סיחון, דעם מלך פון אמורי!
און מיר האָבן זיי צעשאָסן!
פאַרלאָרן איז חשבון ביז דיבון,
און מיר האָבן פאַרוויסט
ביז נופח וואָס איז מידבאָ!

און ישראל האָט זיך באַזעצט אין לאַנד פון דעם אמורי.

* * * *

# די מלחמה מיט עוג

און משה האָט געשיקט אויסצוקוקן יעזור, און זיי האָבן איינגע־נומען אירע שטעטלאַך אַרום, און פאַרטריבן דעם אמורי פון דאָרטן.

און די אידן האָבן זיך פאַרקערט און זיינען אויפגעגאַנגען אויפן וועג קיין בשן. איז אַרויסגעגאַנגען אַקעגן זיי עוג דער מלך פון בשן מיט זיין גאַנצן פאָלק צו מלחמה האַלטן מיט די אידן.

האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן:

— דו זאָלסט ניט מורא האָבן פאַר אים, וואָרים אין דיין האַנט האָב איך איבערגעגעבן אים און זיין גאַנץ פאָלק און זיין לאַנד, און דו וועסט טאָן צו אים אַזוי ווי דו האָסט געטאָן צו סיחון דעם מלך פון אמורי!

און די אידן האָבן געשלאָגן עוג מלך־הבשן מיט זיינע זין און מיט זיין גאַנצן פאָלק, ביז זיי האָבן ניט געלאָזט פון אים קיין איבער־בלייבעכץ. און זיי האָבן גע'ירש'ענט זיין לאַנד.

און די אידן האָבן אַוועקגעצויגן ווייטער, און זיי האָבן גערוט אין די פלוינען פון מואָב, אויף יענער זייט ירדן ביי יריחו.

———:׃———

# מעשיות און לעגענדעס

## 1.

## מרים׳ס ברונעם

אין די אַלע יאָרן, וואָס די אידן האָבן געוואַנדערט אין דער מדבר, איז זיי אַ קליינער ברונעם נאָכגעגאַנגען אויפן וועג, און פון דעם ברונעם פלעגן זיי שעפּן וואַסער.

דעם צענטן טאָג פון חודש ניסן, ווען מרים איז געשטאָרבן, אין מדבר צין, איז דער ברונעם פּלוצלינג פאַרשוואונדן געוואָרן.

אַז די אידן האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז דער ברונעם איז זיי די גאַנצע צייט נאָכגעגאַנגען נאָר אין מרים׳ס זכות (צוליב איר).

זיינען זיי אַוועק צו משה׳ן און אהרנ׳ען און זיי האָבן זיך באַקלאָגט:

— זעט, דאָס איז געווען מרים׳ס ברונעם, וואָס האָט אונז באַגלייט די גאַנצע צייט, און איצט וועלן דאָך אונזערע קינדער און אונזער פי אויסשטאַרבן פון דורשט!

האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן:

— אויב דידאָזיקע מענטשן זאָרגן זיך ניט נאָר פאַר זייערע קינדער, נאָר זיי האָבן אויך רחמנות אויף די אָרימע בהמות זייערע, וועל איך אויף זיי אויך רחמנות האָבן און וועל פאַר זיי אַרויסציען וואַסער אַפילו פון אַ שטיין!...

* * * *

2.

## כעס ברענגט צו זינד

ווען גאָט האָט באַפוילן משה׳ן צו רעדן צום פעלז און אַרויס־ציען פון אים וואַסער, האָט משה אויסגעקליבן אַ פעלז און האָט געזאָגט צו די אידן:

— שטייט אָט דאָ לעבן מיר, און איך וועל פאַר אייך אַרויס־ציען וואַסער פונ׳ם פעלז!

האָבן די אידן אים געפרעגט:

— וואַרום האָסטו אויסגעקליבן גראַד אָט דעמדאָזיקן פעלז און ניט קיין אַנדערן?

האָט משה געענטפערט:

— ווען איך זאָל געווען אויסקלייבן אַן׳אַנדער׳ן, וואָלט איר גע־ווים געפרעגט, וואַרום גראַד יענעם?...

האָבן די אידן זיך איינגעשפאַרט און געשריען:

— אויב דו טוסט טאַקע גאָט׳ס וואונדער, ווילן מיר, אַז דו זאָלסט אויסקלייבן אַן׳אַנדער פעלז, ניט דעם. אַז ניט, וועלן מיר זאָגן, אַז אַלם געוועזענער פאַסטוך אין דער מדבר, ווייסטו פון וועלכן פעלז מ׳קאָן אַרויסקריגן וואַסער, און דו באַווייזט דאָ גאָר קיין שום וואונדער ניט!...

איז משה אין כעס געוואָרן אויפן פאָלק און האָט אָנגעשריען:

— ביז וואַנען וועט איר זיין אַזוינע שלעכטע און אומגלויביקע? ביז וואַנען וועט איר מיר פאַרשאַפן אַזויפיל ליידן אומזיסט?...

און פון כעס האָט ער פאַרגעסן, אַז גאָט האָט אים באַפוילן נאָר צו רעדן צום שטיין, און ער האָט אויפגעהויבן זיין שטעקן און גע־שלאָגן דעם פעלז.

האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן:

— וואַרום שלאָגסטו דעם פעלז, ווען איך האָב דיר געהייסן בלויז צו רעדן צו אים?

האָט משה געענטפערט:

— איך האָב מיין כעס אויפן פאָלק אויסגעלאָזט צום פעלז!

האָט גאָט צו אים געזאָגט:

— ניין, מיין ליבער משה! כעס דאַרף מען איינשטילן אין זיך, אָבער ניט אויסלאָזן צו קיינעם! זע, דיין כעס האָט דיך נאָר געבראַכט צו אַ זינד; דו האָסט ניט געטאָן, אַזוי ווי איך האָב דיר באַפוילן, און דו האָסט מיך ניט געהייליקט דורכדעם ביים פאָלק!...

* * * *

3.

# אהרנ׳ס שולד

אַז משה האָט דערהערט די שטראָף פון גאָט, אַז ער מיט זיין ברודער אהרן וועלן ניט אַריינקומען קיין כנען, האָט ער אָנגעהויבן בעטן:

— רבונו של עולם! איך אַליין האָב זיך פאַר דיר פאַרזינדיקט, און איך נעם אָן דיין שטראָף באהבה (מיט ליבשאַפט); אָבער וואָס איז מיין ברודער אהרן שולדיק אין מיין זינד און פאַרוואָס קומט אים אָט די שטראָף?

האָט אים גאָט געענטפערט:

— אַן עלטערער ברודער דאַרף פאַרהיטן דעם אינגערן פון צו טאָן אַ זינד. און דערפאַר וואָס אהרן איז געשטאַנען לעבן דיר און דיך געלאָזט די זינד באַגיין, מוז ער אויך באַשטראָפט ווערן מיט דערזעלבער שטראָף!...

* * * *

4.

## אַ מענטש דאַרף אָנזאָגן נאָר גוטע בשורות

גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— משה, גיי זאָג אָן דיין ברודער אהרן, אַז זיין צייט איז גע־קומען אַוועקצוגיין פון דער וועלט!

אַז משה האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך שטאַרק צעוויינט. און אַזוי האָט ער אַ גאַנצע נאַכט זיך ניט געקאָנט באַרוהיקן. דער ווייטיק זיינער איז געווען אַ צווייענדיקער: ערשטענס, וואָס ער דאַרף זיך שיידן מיט זיין עלטערן ברודער; און צווייטענס, וואָס ער אַליין דאַרף אים אָנזאָגן די שלעכטע בשורה.

אינדערפרי האָט משה זיך אַוועקגעשטעלט פאַר גאָט און גע־בעטן:

— האַר פון דער וועלט! כ'ווייס, אַז דו גיסט איטליכן מענטשן אַ צאָל יאָרן, וויפיל צו לעבן אויף דער וועלט. און אויב אהרנ'ס טעג זיינען שוין געציילטע, איז דאָס דיין ווילן אַזוי. אָבער פאַרוואָס זאָל איך זיין דער שליח פון אַזאַ שלעכטער בשורה?

האָט גאָט געזאָגט:

— משה, קיין קלענערן מענטשן פון דיר קאָן איך צו אהרנ'ען ניט שיקן. לויט דעם מענטש, אַזאַ שליח!...

איז משה אַוועק צו אהרנ'ען און האָט אים געזאָגט:

— הער, ברודער מיינער! כ'האָב אַ גאַנצע נאַכט געטראַכט מיט דיר צו רעדן וועגן עפּיס אַ וויכטיקער זאַך, אָבער איך ווייס ניט ווי אַזוי אָנצופאַנגען. איך האָב זיך איצט אָבער דערמאָנט, אַז אין חומש בראשית איז דידאָזיקע זאַך אָנגעוואונקען!

אהרן האָט דערלאַנגט משה'ן דאָס ספר בראשית, און משה האָט אָנגעהויבן לייענען פון דאָרטן. און ווען ער איז געקומען צו די ווער־טער, וואָס גאָט האָט געזאָגט צו אָדמ'ען: "שטויב ביזטו, און צו שטויב זאָלסטו זיך אומקערן", האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— אָך, ווען אָדם זאָל ניט געווען זינדיקן, וואָלט דאָך דער מענטש געלעבט אייביק!...

האָט אהרן אַ שמייכל געטאָן:

— מיין ברודער, דער טויט איז גאָרניט אַזוי שלעכט! ווען מענטשן לעבן אייביק, וואָלט דאָס לעבן געווען אַן אָפּקומעניש!

האָט משה אַ זיפץ געטאָן:

— יאָ, ביזט גערעכט, ברודער! נאָר איין גאָט קאָן אייביק לעבן!

— אָבער וואָס פּלוצלינג רעדסטו אַזוי וועגן דער פראַגע פון טויט און לעבן? — פרעגט אהרן.

האָט משה אַראָפּגעלאָזט זיין קאָפּ טרויעריק און זיינע אויגן זיינען פול געוואָרן מיט טרערן, און ער האָט געזאָגט:

— אַ מענטש דאַרף אָנזאָגן נאָר גוטע בשורות!

אהרן האָט באַלד פאַרשטאַנען צוליב וואָס אָט דער שמועס קומט פאָר, און ער האָט געזאָגט:

— איך בין גרייט, ברודער משה!...

* * * *

5.

## ווי אַזוי אהרן איז געשטאָרבן

משה, אהרן און אלעזר זיינען אַרויפגעקומען אויפן באַרג הור, און באַלד האָט זיך פאַר זיי אַ הייל געעפנט.

— אָט אין דער הייל דאַרפסטו אַראָפּגיין, מיין ליבער ברודער! — זאָגט משה.

— איך גיי שוין!

— קאָנסט ניט אַראָפּגיין אַהין אין דיינע הייליקע קליידער, אהרן! — זאָגט משה — טו אויס דיינע קליידער און גיב זיי איבער צו דיין זון אלעזר!

— איך טו דיין באַפעל!

אין דער הייל איז געווען אויסגעבעט א בעט לעבן א טיש מיט א ברענענדיקער מנורה, און מלאכים זיינען געשטאנען פון ביידע זייטן.

האט משה געזאגט צו אהרנ׳ען:

— מיין ברודער, דיר איז בעסער פון מיר! ווען דו דארפסט אוועקגיין פון דער וועלט האסטו מיך דא אצינד. איך באלייט דיך אויף דעם אייביקן וועג. און דיין זון אלעזר וועט פארנעמען דיין ארט. אבער ווער וועט מיך באלייטן? און ווער וועט פארנעמען מיין ארט?

א ליכטיקער וואלקן האט איינגעוויקלט אהרנ׳ען.

— גיי ארויף אויפן בעט, ברודער! — האט משה געזאגט.

איז אהרן ארויפגעגאנגען.

— ציי אוים דיינע פים!

האט אהרן אויסגעצויגן.

— שטרעק אוים דיינע הענט! שליס צו דיינע אויגן!

האט אהרן אזוי געטאן.

— זאג מיר, ברודער, וואס פילסטו אצינד? — האט משה געפרעגט.

— איך פיל אזא רוהיגקייט און זיסקייט אין מיין גאנצן גוף, ווי קיינמאל ניט! — האט אהרן געענטפערט.

אהרנ׳ס פנים האט זיך צעשיינט און א פרייד איז געווען אויסגעגאסן אויף דעם.

— ווי פילסטו אצינד, ברודער? — האט משה געפרעגט.

— איך פיל די געטליכע קושן אויף מיינע באקן! — האט אהרן געענטפערט, און איז איינגעשלאפן מיט א שמייכל, ווי אנ׳אומשולדיג קינד.

* * * *

6.

# אהרנ׳ס שבחים

אויף אהרנ׳ס טויט האָט דאָס גאַנצע פאָלק געוויינט, און איט־ליכער האָט געהאַט צו דערציילן אַנ׳אַנדער שבח (לויב) אויף אים.

האָט איינער דערציילט:

ווען אהרן איז געוואָר געוואָרן פון איינעם אַ זינדיקן מענטשן, איז ער געגאַנגען און האָט זיך מיט אים באַפריינדעט. פלעגט דער רשע טראַכטן ביי זיך: "ווען אהרן ווייסט, אַז איך בין אַזאַ רשע, וואָלט ער אַפילו ניט געוואָלט קוקן אויף מיר!"...

און ער האָט באַשלאָסן צו ווערן אַן אָרנטליכער מענטש.

אַ צווייטער האָט דערציילט:

ווען אהרן האָט דערהערט, אַז צוויי מענטשן האָבן זיך צעקריגט, פלעגט ער אַוועקגיין צו איטליכן פון זיי און דערציילן, ווי אַזוי דעם צווייטן טוט באַנג וואָס ער האָט זיך מיט אים צעקריגט, און ער האָט אים גאָר ליב!...

און אַז די צוויי פלעגן זיך נאָכדעם באַגעגענען, האָבן זיי זיך געגעבן שלום און ווידער געוואָרן גוטע פריינט.

און אַ דריטער האָט דערציילט:

ווען אהרן האָט געהערט, אַז מאַן און ווייב האָבן זיך צעקריגט, איז ער שפּעטער אַוועק צו דער פרוי און געזאָגט: "דיין מאַן איז מודה, אַז ער האָט געטאָן אַ נאַרישקייט אַקעגן דיר, נאָר ער שעמט זיך צו זאָגן!"... און צום מאַן איז ער אויך געקומען און געזאָגט דאָס־זעלבע וועגן זיין פרוי.

און אַז דער מאַן איז נאָכדעם אַריינגעקומען אין הויז אַריין, האָט אים דאָס ווייב שוין באַגעגנט מיט אַ פריינטליכן שמייכל.

און דערום האָט דאָס פאָלק געקלאָגט נאָך אים:

— ווער וועט איצט אַריינברענגען שלום (פרידן) צווישן אונז!...

* * * *

7.

## עוג מלך הבשן׳ס שטראָף

עוג דער מלך פון בשן איז געווען אַ גרויסער גבור. ווען ער האָט דערהערט, וואָס די אידן האָבן געטאָן צו סיחון דעם מלך פון אמורי, האָט ער געזאָגט:

— איך דאַרף מיט די אידן ניט האַלטן קיין מלחמה. איך וועל אַלעמען טויטן מיט איין מאָל!

ער איז אַוועק אין פעלד און האָט אויסגעריסן דעם גרעסטן באַרג. ער האָט דעם באַרג געטראָגן אויף זיין קאָפּ ביז ער איז געקומען צו דער אידישער מחנה, און ער האָט געזאָגט:

— אָט דעמדאָזיקן באַרג וועל איך אַרויפוואַרפן אויפן גאַנצן פאָלק, און אַלע אידן וועלן אונטער אים באַגראָבן ווערן!

די אידן האָבן זיך דערשראָקן און זיי האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן. האָט משה זיי געזאָגט:

— האָט קיין מורא ניט! וואַרט און זעט די הילף פון גאָט!

אין דעמזעלבן מאָמענט האָבן גאַנצע מחנות מוראַשקעס (ענטס) דורכגעפרעסן דעם באַרג, און ער איז אַראָפּגעפאַלן איבער עוג׳ס קאָפּ און געבליבן ליגן אויף זיינע אַקסלען. עוג האָט מיט זיינע הענט געהויבן דעם באַרג און געוואָלט באַפרייען זיין קאָפּ פון אים, אָבער באַלד זיינען ביי אים אויסגעוואַקסן צוויי לאַנגע אויבערשטע ציין, וועלכע האָבן זיך אַריינגעגעבן אין באַרג אַריין, און עוג האָט אים ניט געקאָנט רירן פון אָרט.

אַז משה האָט דאָס דערזען, איז ער אונטערגעלאָפן און האָט אים צעבראָכן זיינע פיס. עוג איז געפאַלן און זיין באַרג האָט אים אַליין צוגעדעקט.

האָט משה געזאָגט:

— זיבן מאָל פאַלט דער גערעכטער און שטעט אויף; אָבער דער רשע ווערט געשטרויכלט (סטאָמבלד) דורך זיין אייגענעם שלעכטס!...

——:: ——

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באנוצט אין אידיש)

**פרה אדומה** (אַ רויטע קו).

**בלחם הקלוקל** (מיט דעם גרינגן ברויט):

אַ פוסט־און־פּאַסניק, וואָס טוט גאָרניט, רופט מען "לחם־הקלוקל'ניק".

**בדרך המלך** (אויפן מלך'ס וועג; אויפן ברייטן טראַקט; קינג'ס הייוועי).

**אל תירא** (זאָלסט קיין מורא ניט האָבן).

———::———

סדרה

# בלק

## בלק׳ס מורא פאַר די אידן

און בלק בן-צפור, דער מלך פון מואָב, האָט געזען אַלץ וואָס ישראל האָט געטאָן צו אמורי. און ער האָט זיך זייער דערשראָקן פאַרן פאָלק, ווייל זיי זיינען געווען אַסך.

און מואָבן איז דאָס לעבן מיאוס געוואָרן פון שרעק פאַר די בני ישראל.

און ער האָט געזאָגט צו די עלטסטע פון מדין:

— איצט וועט אָט דאָס קהל (געזעמל, איינזאַמלונג) אָפּעסן אַלצ־דינג וואָס אַרום אונז, אַזוי ווי אַן אָקס עסט אָפּ דאָס גראָז פון פעלד!

* * * *

## בלק שיקט רופן בלעמ׳ען

און בלק האָט געשיקט שלוחים צו בלעם בן-בעור, קיין פּתור, (וואָס ביים ברעג פון טייך פּרת אין ארם נהרים) צו רופן אים, און אַזוי צו זאָגן אים:

— אָט איז אַ פאָלק אַרויסגעגאַנגען פון מצרים! אָט האָט עס פאַרדעקט דעם אָנבליק פון דער ערד און עס זיצט אַקעגן מיר! און אַצינד קום, איך בעט דיך, און שילט מיר דאָסדאָזיקע פאָלק, וואָרים

עס איז שטאַרקער פון מיר. אפשר וועל איך קאָנען באַגליקן, אַז מיר זאָלן עס שלאָגן און פאַרטרייבן פונם לאַנד! וואָרים איך וויים, אַז וועמען דו בענטשט, דער איז געבענטשט, און וועמען דו שילטסט, דער איז פאַרשאָלטן!

* * * *

## בלעם וויל נישט גיין

זיינען די עלטסטע פון מואָב און מדין געגאַנגען און מיטגענומען מיט זיך צויבערלוין (צו באַצאָלן פאַרן כישוף), און זיי זיינען געקומען צו בלעמ׳ען און האָבן גערעדט צו אים בלק׳ס ווערטער.

האָט בלעם צו זיי געזאָגט:

— נעכטיקט איבער דאָ די נאַכט, און איך וועל אייך געבן אַן ענטפער, אַזוי ווי גאָט וועט צו מיר רעדן!

זיינען מואָב׳ס האַרן פאַרבליבן זיצן ביי בלעמ׳ען איבער נאַכט.

איז גאָט געקומען צו בלעמ׳ען און האָט געמאַכט אַן אויסרייד:

— ווער זיינען עס דידאָזיקע מענטשן ביי דיר?

האָט בלעם געזאָגט צו גאָט אַלץ וואָס בלק האָט צו אים באַפוילן.

האָט גאָט געזאָגט צו בלעמ׳ען:

— זאָלסט נישט גיין מיט זיי, זאָלסט ניט שילטן דאָס פאָלק, וואָרים עס איז געבענטשט!

איז בלעם אויפגעשטאַנען אינדערפרי און האָט געזאָגט צו בלק׳ס האַרן:

— גייט אייך אַליין אַהיים, אין אייער לאַנד, וואָרים גאָט וויל מיך ניט לאָזן גיין מיט אייך!

זיינען די שלוחים אַוועקגעגאַנגען און געזאָגט בלק׳ען:

— בלעם האָט ניט געוואָלט גיין מיט אונז!

* * * *

## בלק שיקט נאָכאַמאָל צו בלעמ׳ען

האָט בלק ווידער אַמאָל געשיקט האַרן, מער און חשוב׳ערע פון יענע. און זיי זיינען געקומען צו בלעמ׳ען און האָבן אים געזאָגט:

— אַזוי האָט געזאָגט בלק בן-צפור! זאָלסט זיך ניט אָפּזאָגן (פאַרמיידן), איך בעט דיך, פון צו קומען צו מיר! וואָרים איך וועל דיר געבן זייער פיל כבוד, און אַלץ וואָס דו וועסט מיר זאָגן, וועל איך טאָן פאַר דיר, — נאָר קום, איך בעט דיך, שילט מיר דאָסדאָזיקע פאָלק!

האָט בלעם געענטפערט צו בלק׳ס שלוחים:

— ווען בלק זאָל מיר אַפילו געבן זיין הויז פול מיט זילבער און גאָלד, קאָן איך ניט עובר זיין (איבערטרעטן) דעם באַפעל פון מיין גאָט צו טאָן עפּיס אַ קליינע אָדער אַ גרויסע זאַך! און אַצינד, בלייבט איר אויך דאָ נעכטיקן די נאַכט, און איך וועל וויסן וואָס גאָט וועט ווידער רעדן צו מיר!

און גאָט איז געקומען צו בלעמ׳ען ביינאַכט און האָט אים געזאָגט:

— אויב נאָר צו רופן דיך זיינען די מענטשן געקומען, — און זיי באַשטיין אויף אַלץ וואָס דו וועסט טאָן, — שטיי אויף און גיי מיט זיי; אָבער נאָר דאָס וואָס איך וועל דיר הייסן זאָלסטו טאָן!

* * * *

## בלעם און זיין אייזל

און בלעם איז אויפגעשטאַנען אינדערפרי, און ער האָט אָנגעזאָטלט זיין אייזל („זי״ — אייזל, אייזעלין) און ער איז געגאַנגען מיט די האַרן פון מואָב (מיט דעם געדאַנק צו שילטן די אידן), און זיינע צוויי יונגען זיינען געגאַנגען מיט אים.

האָט עס גאָט פאַרדראָסן, וואָס ער איז געגאַנגען מיט אַזאַ

שלעכטער כוונה, און אַ מלאַך פון גאָט האָט זיך אים אַוועקגעשטעלט פאַר אַ שטער (אַ שטן) אין וועג, אויף וועלכן ער האָט געריטן אויף זיין אייזל.

האָט דאָס אייזל דערזען דעם מלאַך פון גאָט, שטייענדיק אויפן וועג מיט זיין שווערד אַרויסגעצויגן אין זיין האַנט, און דאָס אייזל האָט אָפּגעבייגט פונם וועג, און איז געגאַנגען אויפן פעלד.

האָט בלעם געשלאָגן דאָס אייזל, כדי צו פאַרקירעווען עס צוריק אויפן וועג.

האָט דער מלאַך פון גאָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ שטעג צווישן די ווייגערטנער, וואו עס איז געווען אַ צאַם פון איין זייט און אַ צאַם פון דער צווייטער זייט. האָט דאָס אייזל געזען דעם מלאַך פון גאָט און האָט זיך צוגעדריקט צו דער וואַנט, און האָט צוגעדריקט בלעמ'ס פוס. האָט בלעם נאָכמער געשלאָגן דאָס אייזל.

איז דער מלאַך פון גאָט ווידער אַוועק פאַראויס און האָט זיך געשטעלט אין אַן ענגן אָרט, וואו עס איז ניט געווען קיין פלאַץ זיך אַ קער צו טאָן רעכטס אָדער לינקס. האָט דאָס אייזל זיך אַנידער־געלייגט אונטער בלעמ'ען. האָט בלעמ'ס כעס זיך נאָכמער צעברענט און ער האָט געשלאָגן דאָס אייזל מיטן שטעקן.

האָט גאָט געעפנט דאָס מויל פונם אייזל און עס האָט געזאָגט צו בלעמ'ען:

— וואָס האָב איך דיר אַזוינס געטאָן, וואָס דו האָסט מיך שוין דריי מאָל געשלאָגן?

האָט בלעם געזאָגט צום אייזל:

— וואָרים דו האָסט געשפּעט פון מיר! ווען איך האָב אַ שווערד אין מיין האַנט, וואָלט איך דיך איצט געטויט!

האָט דאָס אייזל געזאָגט:

— בין איך דען ניט דיין אייזל, וואָס דו האָסט אויף מיר גע־ריטן דיין גאַנץ לעבן ביז היינטיקן טאָג? בין איך דען געוואוינט געווען צו טאָן דיר אַזוי?

האָט בלעם געזאָגט:

— ניין! — דו האָסט מיר טאַקע קיינמאָל נאָך אַזוי ניט געטאָן!

און גאָט האָט אויפגעדעקט בלעמ׳ס אויגן, און ער האָט דערזען דעם מלאָך פון גאָט, שטייענדיק אין וועג מיט זיין שווערד אַרויסגעצויגן אין זיין האַנט, און ער האָט זיך געבייגט און געבוקט אויף זיין פּנים.

און דער מלאָך פון גאָט האָט געזאָגט צו אים:

— פאַרוואָס האָסטו געשלאָגן דיין אייזל שוין דריי מאָל? זע, דאָס בין איך אַרויסגעגאַנגען פאַר אַ שטער (אַ שטן) וואָרים אָט דער וועג דיינער האָט אַראָפּגענידערט אַקעגן מיין ווילן. און דאָס אייזל האָט מיך געזען און עס האָט אָפּגעבייגט פאַר מיר די דריי מאָל. און ווען עס וואָלט ניט געווען אָפּגעבייגט פאַר מיר, וואָלט איך דיך איצט געוויס געווען געטויט, און דאָס אייזל וואָלט איך געלאָזט לעבן!

האָט בלעם געזאָגט צום מלאָך פון גאָט:

— איך האָב געזינדיקט, ווייל איך האָב ניט געוואוסט, אַז דו שטייסט אַקעגן מיר אין וועג. און איצט, אויב דאָס קוקט אויס שלעכט אין דיינע אויגן, וועל איך מיך אומקערן צוריק!

האָט דער מלאָך פון גאָט געזאָגט צו בלעמ׳ען:

— גיי מיט די מענטשן, אָבער נאָר דאָס וואָרט וואָס איך וועל רעדן צו דיר, דאָס זאָלסטו רעדן!

און בלעם איז געגאַנגען ווייטער מיט בלקס האַרן.

* * * *

## בלק באַגעגנט בלעמ׳ען

און בלק האָט געהערט, אַז בלעם קומט, און ער איז אים אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן קיין עיר-מואָב.

און בלק האָט געזאָגט צו בלעמ׳ען:

— האָב איך דען ניט געשיקט צו דיר צו איינלאַדן דיך? פאַר-

וואָס ביזטו ניט געגאַנגען צו מיר פריער? צי דענקסטו באמת, אַז איך בין ניט אימשטאַנד דיר אָפּגעבן כבוד?

האָט בִלעם געענטפערט בלק'ן:

— אָט בין איך געקומען צו דיר אַצינד; צי קאָן איך דען עפּיס רעדן (וואָס איך אַליין וואָלט וועלן)? נאָר דאָס וואָס גאָט וועט מיר אַריינלעגן אין מיין מויל דאָס וועל איך רעדן!...

און בלעם איז געגאַנגען מיט בלק'ן און זיי זיינען געקומען קיין קרית-חוצות. און בלק האָט געשאָכטן רינדער און שאָף, און האָט געשיקט צו בלעמ'ען און צו די האַרן וואָס מיט אים.

און עס איז געווען אינדערפרי האָט בלק גענומען בלעמ'ען, און האָט אים אַרויפגעפירט אויף במות-בעל (אַ הויך פּלאַץ אויפן נאָמען פון "בעל", דעם אָפּגאָט פון מואב, וועלכן מע האָט אויך גערופן "כמוש"), און ער האָט פון דאָרטן געזען אַ טייל פון פאָלק.

* * * *

## בִלעמ'ס ברכה אָנשטאָט קללה

און בלעם האָט געזאָגט צו בלק'ן:

— בוי מיר דאָ זיבן מזבחות, און גרייט מיר דאָ צו זיבן אָקסן און זיבן ווידערס!

האָט בלק אַזוי געטאָן, און זיי ביידע האָבן מקריב געווען אַן אָקס און אַ ווידער אויף יעדן מזבח.

האָט בלעם געזאָגט צו בלק'ן:

— שטעל זיך אַוועק בעטן ביי דיין קרבן, און איך וועל גיין. אפשר וועט גאָט זיך טרעפן אַנטקעגן מיר, און וואָס פאַר אַ צייכן ער וועט מיר ווייזן, וועל איך דיר דערציילן.

און ער איז אַוועקגעגאַנגען אויף אַ הויכן אָרט. און גאָט האָט זיך געטראָפן צו בלעמ'ען.

האָט בלעם געזאָגט צו אים:

— די זיבן מזבחות האָב איך געהייסן צוגרייטן און האָב מקריב געווען אַן אָקס און אַ ווידער אויף יעדן מזבח.

האָט גאָט אַריינגעלייגט ווערטער אין בלעמ׳ס מויל, און ער האָט געזאָגט:

— קער זיך אום צו בלק׳ן, און אַזוי זאָלסטו רעדן, ווי איך הייס דיר!

האָט זיך בלעם אומגעקערט, און בלק שטייט נאָך ביי זיין קרבן, און די האַרן פון מואָב מיט אים.

האָט ער אָנגעהויבן זיין משל (געזאַנג, שפּרוך) און ער האָט געזאָגט:

פון ארם טוט מיך בלק פירן,
פון די מזרח בערג בריינגט מיך
דער קעניג פון מואָב:
קום שילט מיר יעקב׳ן,
און קום פלוך ישראל׳ן!
ווי זאָל איך שילטן,
אַז גאָט האָט אים ניט געשאָלטן?
און ווי זאָל איך פליכטן,
אַז גאָט האָט אים ניט געפלוכט?
וואָרים העכער פון פעלזן-שפּיצן
טו איך אים זען;
און העכער פון די הויכע בערג
טו איך אים אָנקוקן!
עס איז דאָך אַ פאָלק,
וואָס רוט זיך אָפּגעזונדערט
און רעכנט זיך ניט צווישן די אומות.
ווער קאָן דען ציילן יעקב׳ן, אינגאַנצן,
וואָס איז אַזויפיל ווי שטויב?
און ווער קאָן דען איבערציילן
אפילו אַ פערטל פון ישראל׳ן?

זאָל מיין זעל שטאַרבן
מיט'ן טויט פון די רעכטפאַרטיקע;
און זאָל מיין סוף זיין ווי זיינער!

האָט בלק געזאָגט צו בלעמ'ען:

— וואָס האָסטו מיר געטאָן? צו שילטן מיינע פיינט האָב איך דיך גענומען, — און דו האָסט זיי גאָר געבענטשט!

האָט בלעם געענטפערט:

האָב איך דען ניט געזאָגט פריער, אַז נאָר דאָס וואָס גאָט וועט מיר אַריינלייגן אין מיין מויל, וועל איך היטן צו רעדן?

* * * *

## בלק בייט איבער דאָס אָרט

האָט בלק געזאָגט צו בלעמ'ען:

— קום מיט מיר, איך בעט דיך, צו אַן אַנדער אָרט, פון וואַנען דו וועסט דאָס גאַנצע פאָלק קאָנען זען (איצט זעסטו דאָך בלויז אַ טייל פון דעם, און אינגאַנצן זעסטו עס ניט), און שילט עס מיר פון דאָרטן!

און ער האָט אים גענומען צום פעלד צופים, אויפן שפיץ פסגה, און ער האָט געבויט זיבן מזבחות און האָט מקריב געווען אַן אָקס און אַ ווידער אויף יעדן מזבח.

האָט בלעם געזאָגט צו בלק'ן:

— שטעל זיך דאָ אַוועק ביי דיינע קרבנות צו בעטן, און איך וועל גיין זיך טרעפן דאָרטן מיט גאָט.

האָט זיך גאָט געטראָפן צו בלעמ'ען און ער האָט אים אַריינגע־לייגט ווערטער אין זיין מויל, און האָט געזאָגט:

— קער זיך אום צו בלק'ן און אַזוי זאָלסטו רעדן, ווי איך הייס דיר!

איז בלעם געקומען און געטראָפן בלק'ן שטיין ביי זיין קרבן, און

די האַרן פון מואָב מיט אים. האָט אים בלק געפרעגט, וואָס גאָט האָט גערעדט.

האָט ער אָנגעהויבן זיין געזאַנג (משל, שפּרוך) און האָט געזאָגט:

שטיי אויף, בלק, און הער;
הער זיך צו צו מיר,
דו, זון פון צפּור!
ניט קיין מענטש איז גאָט,
אַז ער זאָל ליגן זאָגן;
און ניט קיין בן־אדם איז ער,
אַז ער זאָל חרטה האָבן!
אַז ער זאָגט, וועט ער דען ניט טאָן?
און אַז ער רעדט, וועט ער דען ניט מקיים זיין?
איך האָב דאָך גענומען גאָט׳ס וואָרט
נאָר צו בענטשן, —
און אַז ער בענטשט, קאָן איך ניט אָפּהאַלטן!
ער זעט ניט קיין אומרעכט אין יעקב,
און ער מערקט ניט קיין עוולה אין ישראל;
און דערפאַר איז זיין גאָט מיט אים, —
(און ער איז מיט זיין גאָט,)
און שאַלט פון פרייד פאַרן וועלט־קעניג!
גאָט ציט זיי אַרויס פון מצרים,
ווי הערנער פון אַ ווילדטיר איז ער אים
(צו באַשיצן פון אַלע שונאים),
אַז קיין כּישוף דאַרף ניט יעקב,
און אין קיין צויבער נויטיגט זיך ניט ישראל!
איצט ווערט געזאָגט צו יעקב און ישראל

וואָס גאָט וועט פאַר אים אויפטאָן:
עס איז דאָך אַ פאָלק, וואָס ווי אַ לייביכע
וועט ער אויפשטיין (אַקעגן פיינט),
און ווי אַ לייב וועט ער זיך אויפהייבן,
ער וועט זיך ניט לייגן רוען
ביז דאָס פאַרצוקונג וועט ער עסן,
און דאָס בלוט פון דערשלאָגענע וועט ער טרינקען!

האָט בלק געזאָגט צו בלעמ׳ען:

— אויב שילטן קאָנסטו דאָס פאָלק ניט שילטן, איז כאָטש בענטשן זאָלסטו עס ניט בענטשן!

האָט בלעם געענטפערט און געזאָגט צו בלק׳ן:

— האָב איך דיר דען ניט געזאָגט, אַז נאָר דאָס וואָס גאָט וועט באַפוילן וועל איך טאָן?

* * * *

## בלק בייט ווידער דאָס אָרט

האָט בלק געזאָגט צו בלעמ׳ען:

— קום, איך בעט דיך, איך וועל דיך נעמען צו אַן׳אַנדער אָרט. אפשר וועט עס וואויל געפעלן אין גאָט׳ס אויגן און דו וועסט אים מיר שילטן פון דאָרטן.

און בלק האָט גענומען בלעמ׳ען צום שפּיץ פון פעור (אַ באַרג אין מואָב, וואָס האָט געהערט צום אָפּגאָט "בעל פעור"), וואָס קוקט אַראָפּ אויף דער מדבר, וואו די אידן רוען.

האָט בלעם געזאָגט צו בלק׳ן:

— בוי מיר דאָ זיבן מזבחות, און גרייט מיר דאָ צו זיבן אָקסן און זיבן ווידערס.

און בלק האָט אַזוי געטאָן, ווי בלעם האָט געזאָגט. און ער האָט מקריב געווען אַן אָקס און אַ ווידער אויף יעדן מזבח.

און בלעם האָט געזען, אַז גאָט וויל נאָר צו בענטשן די אידן, איז ער שוין איצט ניט געגאַנגען אַזוי ווי די פריעריקע מאָל צו ווענדן זיך אַנטקעגן די כישוף-צייכנס, נאָר ער האָט געקערט זיין פנים צום מדבר.

און בלעם האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן און ער האָט געזען די אידן רוען לויט זייערע שבטים, — און דער גייסט פון גאָט איז גע־קומען אויף אים.

און ער האָט אָנגעהויבן זיין שפּרוך (געזאַנג, משל) און האָט געזאָגט:

אַזוי רעדט בלעם, דער זון פון בעור,
און אַזוי רעדט דער מאַן מיטן אָפענעם אויג;
אַזוי רעדט דער, וואָס הערט גאָט'ס ווערטער, —
וואָס די זעאונגען פון אַלמעכטיקן זעט ער,
וואָס פאַלט פאַר גאָט מיט אויגן אַנטפּלעקטע:
ווי גוט זיינען דיינע געצעלטן, יעקב!
ווי שיין דיינע וואוינונגען, ישראל!
ווי טייכן זיינען זיי צעשפּרייט,
ווי גערטנער ביים ברעג פון טייך,
ווי בשמים-בוימער, געפלאַנצטע פון גאָט,
ווי צעדער-בוימער ביי די וואַסערן!
וואַסער וועט רינען פון זיין צווייג,
און זיין זאָמען וועט זיין זאַט אין וואַסער,
(ער וועט וואַקסן גרויס און שטאַרק!)
און העכער פון אגג'ן (עמלק'ס קעניג)
וועט ישראל'ס קעניג זיין,
און דערהויבן וועט זיין מלוכה זיין!
גאָט ציט אים אַרויס פון מצרים,
ווי הערנער פון אַ ווילדטיר איז ער אים

(צו באַשיצן פון אַלע שונאים).
ער וועט אויפעסן די פעלקער, זיינע פיינט,
און זייערע ביינער וועט ער צעקנאַקן,
און יעדע פייל זיינע וועט טרעפן
און פאַרוואונדן דעם שונא.
ער וועט קניען, ליגן זיכער,
ווי אַ לייב, און ווי אַ לייביכע, —
ווער וועט וואגן אים אויפצורייצן ?...
דיינע בענטשערס וועלן זיין געבענטשט,
און דיינע שילטערס וועלן זיין פאַרשאָלטן!

האָט בלק׳ס כעס געברענט אויף בלעמ׳ען, און ער האָט אַ פליעסק געטאָן מיט זיינע הענט פון גרוים פאַרצווייפלונג, און ער האָט געזאָגט צו אים:

— צו שילטן מיינע שונאים האָב איך דיך גערופן, און דו האָסט זיי גאָר געבענטשט שוין דריי מאָל! און אַצינד, אַנטלויף דיר אין דיין אָרט אַריין, ווייל איך בין שטאַרק דערצאָרנט. איך האָב גע־דענקט גרוים כבוד דיר אָנצוטאָן, און אָט האָט דיך גאָט פאַרמיטן פון כבוד!

האָט בלעם געזאָגט צו בלק׳ן:

—האָב איך דען ניט גערעדט פריער אויך צו דיינע שליחים, וואָס דו האָסט געשיקט צו מיר, און האָב זיי געזאָגט, אַז ווען בלק זאָל מיר אפילו געבן זיין הויז פול מיט זילבער און גאָלד, קאָן איך ניט עובר זיין (איבערטרעטן) גאָט׳ס באַפעל צו טאָן גוטס אָדער שלעכטס לויט דעם ווילן פון מיין האַרצן; נאָר דאָס וואָס גאָט וועט רעדן, וועל איך רעדן?!. און אַצינד, אַז אָט גע איך שוין צו מיין פאָלק אַהיים, קום לאָמיך דיר מודיע זיין, וואָס דאָסדאָזיקע פאָלק וועט טאָן צו דיין פאָלק אין די שפּעטערדיקע יאָרן!

* * * *

## בלעמ׳ס נבואה וועגן אידישע גבורות

און בלעם האָט אָנגעהויבן זיין געזאַנג און האָט געזאָגט:

אַזוי רעדט בלעם, דער זון פון בעור,
און אַזוי רעדט דער מאַן מיטן אָפענעם אויג;
אַזוי רעדט דער, וואָס הערט גאָט׳ס ווערטער,
און דעם אייבערשטענ׳ס כוונה ווייסט ער,
וואָס די זעאונגען פון אַלמעכטיקן זעט ער,
וואָס מיט אויגן אַנטפּלעקטע פאַר גאָט פאַלט ער:
כ׳זע אים, כאָטש ער איז נאָך ניטאָ אַצינד,
כ׳קוק אים אָן, כאָטש ער איז ניט נאָענט, —
אַ שטערן וועט אַרויסטרעטן פון יעקב,
און אַ קעניג-צעפּטער וועט אויפשטיין פון ישראל,
און וועט צעשטערן די גרעניצן פון מואָב,
און וועט צעשמעטערן אַלע קינדער פון שת.
און אויך אדום וועט ווערן זיין ירושה,
און ירושה וועט אויך ווערן שעיר, זיין פיינט, —
און ישראל וועט אויפטאָן פיל גבורות!
און געוועלטיקן וועט דער שטערן פון יעקב,
און פאַרטיליקן וועט ער יעדן איבערבלייב פון שטאָט!

---

און בלעם האָט דערזען עמלק, און ער האָט אָנגעהויבן זיין גע-זאַנג-משל, און האָט געזאָגט:

דער ערשטער פון אַלע פעלקער
איז געווען עמלק, אָנצופאַלן אויף ישראל, —
און זיין סוף וועט זיין:

צום אייביקן אונטערגאַנג!
(די מלכים שאול און דוד האָבן עמלק'ן צעשלאָגן,
און חזקיהו מלך יהודה האָט אים צום איבעריקן
פאַרטיליקט).

---

און בלעם האָט דערזען דעם קני (דער מדינ'ישער שבט, וואָס איז אַרויסגעקומען פון יתרו, משה'ס שווער. ער איז געזעסן לעבן עמלק'ן, צווישן בערג און פעלזן. אַ טייל איז אויך געזעסן צווישן אידן), און ער האָט אָנגעהויבן זיין געזאַנג-משל און געזאָגט:

שטאַרק איז דיין וואוינונג,
און אין פעלז איז געמאַכט דיין נעסט;
אָבער צום פאַרטיליקן וועט קין זיין,
זייער גיך וועט דיך אשור פאַנגען!

---

און ער האָט אָנגעהויבן זיין געזאַנג-שפּרוך און האָט געזאָגט:

ווי, ווער וועט דען בלייבן לעבן,
ווען גאָט וועט זיין שטראָף טאָן אויף אים?
און שיפן וועלן קומען פון זייט פון כתים,
און זיי וועלן פייניקן אשור,
און זיי וועלן פייניקן עבר, —
און אויך ער, דער מלך פון כתים,
וועט זיין צום אייביקן אונטערגאַנג!

---

און בלעם איז אויפגעשטאַנען און אַוועקגעגאַנגען, און האָט זיך אומגעקערט צו זיין היים, און אויך בלק איז געגאַנגען אויף זיין וועג.

* * * *

# ישראל זינדיקט און ווערט באַשטראָפט

און די אידן זיינען געזעסן אין שטים, און דאָס פאָלק האָט אָנ־געהויבן צו ווערן אויסגעלאַסן און זינדיקן מיט די טעכטער פון מואָב. (דאָס האָט בלעם אַן עצה געגעבן, אַז די טעכטער פון מואָב זאָלן זיך דערנענטערן צו די אידן און זיי מאַכן זינדיקן, וועט זיי גאָט באַ־שטראָפן !...)

און זיי, מואָב׳ס טעכטער, האָבן איינגעלאַדן דאָס פאָלק צו די קרבנות פון זייערע אָפּגעטער. און דאָס פאָלק האָט מיט זיי געגעסן און זיך געבוקט צו די אָפּגעטער.

און אַט אַזוי האָט זיך ישראל באַהעפט צום אָפּגאָט בעל־פעור, און גאָט׳ס צאָרן האָט געגרימט (זיין כעס האָט געברענט) אויף די אידן.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן :

— נעם אַלע עלטסטע פון פאָלק, צו משפּט׳ן די זינדיקע, און הענג זיי אויף, אַלע זינדיקע, פאַר גאָט אַקעגן דער זון, איטליכער זאָל זיי זען, און גאָט׳ס גרימצאָרן וועט זיך אָפּקערן פון ישראל!

און משה האָט באַפוילן צו די ריכטער פון די אידן :

— הרג׳עט איטליכער זיינע מענטשן, וואָס האָבן זיך באַהעפט צום בעל־פעור!

און ערשט איז אַ מאַן פון די אידן געקומען און האָט געבראַכט מיט זיך אַ מדינ׳ישע טאָכטער פאַר די אויגן פון משה׳ן און פון אַלע אידן, אין דער צייט ווען אַלע האָבן געוויינט ביים איינגאַנג פון אוהל־מועד.

האָט דאָס דערזען פינחס בן־אלעזר, בן־אהרן הכהן, איז ער אויפגעשטאַנען פון צווישן דער עדה און האָט גענומען אַ שפּיז אין זיין האַנט, און ער איז אַריינגעגאַנגען נאָך דעם מאַן אין געצעלט אַריין, און ער האָט דערשטאָכן ביידע, דעם מאַן און די פרוי.

און דאַמאָלט איז די מגפה, וואָס האָט אויסגעבראָכן צווישן פאָלק, איינגעשטילט געוואָרן.

און די וואָס זיינען געשטאָרבן אין דער מגפה, זיינען געווען פיר און צוואַנציק טויזנט.

—— :: ——

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## מואָב און מדין

צוויי הינט, וועלכע פלעגן זיך שטענדיג שלאָגן און רייסן איינער ביים אַנדערן דעם ביסן פון מויל, האָבן איינמאָל דערזען פון וויטן אַ וואָלף לויפן און האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן.

האָט איטלאַכער פון זיי געטראַכט ביי זיך: איינער אַליין קאָן איך אַקעגן וואָלף קיין מלחמה ניט פירן, אָבער מיר ביידע הינט צוזאַמען וועלן געוויס דעם וואָלף פאַרטרייבן.

און די צוויי הינט האָבן צווישן זיך שלום געמאַכט.

דאָס איז אַ משל אַקעגן מואָב און מדין.

דידאָזיקע צוויי פעלקער זיינען זיך געווען שונאים און געפירט מלחמה צווישן זיך, נאָר ווען ביידע האָבן זיך דערשראָקן פאַר די אידן, האָבן זיי צווישן זיך שלום געמאַכט.

* * * *

2.

## בלעם אַקעגן משה'ן

דער קעניג פון מואָב האָט געשיקט צום קעניג פון מדין אַ בקשה:

— אַזוי ווי דו קענסט געוויס דעם אידישען פירער משה'ן נאָך פון יענער צייט, ווען ער האָט געוואוינט ביי דיר אין לאַנד, בעט

איך דיך, אַז דו זאָלסט מיר לאָזן וויסן אין וואָס ליגט משה׳ס כח!
האָט אים דער קעניג פון מדין געענטפערט:
— דער כח פון משה׳ן ליגט נאָר אין זיין מויל!...
האָט זיך בלק דערפרייט און געזאָגט:
— אויב אַזוי איז גוט! איצט וועל איך אויך ברענגען אַזאַ מענטשן, וואָס זיין כח ליגט נאָר אין זיין מויל, און ער וועט שוין פאַר מיר מלחמה האַלטן!
און ער האָט אַוועקגעשטעלט בלעמ׳ען אַקעגן משה׳ן.

* * * *

3.

## דאָס אייזל שפּאַסט פון בלעמ׳ען

דאָס ערשטע מאָל, ווען בלק׳ס שלוחים זיינען געקומען צו בלעמ׳ען, האָט גאָט צו אים געזאָגט:
— בלעם, דו זאָלסט ניט גייען שילטן די אידן!
האָט בלעם זיך געבעטן ביי גאָט:
— דערלויב מיר כאָטש צו שילטן די אידן דאָ, פון וויטן!
האָט גאָט געזאָגט:
— דו זאָלסט אין ערגיץ ניט שילטן די אידן!
האָט בלעם ווידער געבעטן:
— אויב כ׳טאָר זיי ניט שילטן, טאָ לאָז מיך גיין אַהין, אפשר וועל איך זיי בענטשן!
האָט גאָט אים געענטפערט:
— דו ווייסט דאָך וואָס מ׳זאָגט וועגן אַ בין: ״כ׳וויל ניט דיין האָניק, און כ׳וויל ניט דיין גיפט!״ (לא מדובשך ולא מעוקצך).
איז בלעם געבליבן זיצן אין דערהיים.
דאָס צווייטע מאָל, ווען בלק׳ס שלוחים זיינען געקומען צו בלעמ׳ען, האָט אים גאָט געזאָגט:

— אצינד מעגסטו גיין מיט זיי, אָבער רעדן זאָלסטו נאָר דאָס וואָס איך וועל דיר אַריינלייגן אין מויל אַריין!

אַז בלעם האָט געזען, אַז גאָט האָט אים דערלויבט צו גיין, האָט ער זיך דערפרייט און געהאַפּט, אַז שפּעטער וועט גאָט אים אויך דערלויבן צו שילטן די אידן.

און ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן, אַז ער איז דער גרעסטער נביא פון גאָט, און ער האָט זיך באַרימט פאַר אַלעמען דערמיט.

אין וועג איז ער צוגעקומען צו דעם אָרט, וואו יעקב האָט אַמאָל געשלאָסן זיין בונד מיט לבנ'ען און דאָרטן איז געשטאַנען די מצבה פון שטיינער אַלס אַן אייביקער אָנדענק פון שלום.

ווען די שטיינער האָבן דערזען בלעמ'ען אָנקומען אויף זיין אייזל, האָבן זיי אָנגעהויבן צו שרייען אויף אַ קול:

— מיר זיינען עדות, אַז יעקב האָט געשלאָסן שלום מיט לבנ׳ען, און מיר וועלן ניט דערלאָזן קיינעם צו גיין שלעכטס טאָן יעקב׳ס קינדער!

בלעם האָט ניט געהערט וואָס די שטיינער שרייען, אָבער זיין אייזל האָט די ווערטער דערהערט און איז דערשראָקן געוואָרן, און דערפאַר האָט עס צוגעדריקט בלעמ'ס פוס צום הויפן שטיינער.

און ווען בלעם האָט אָנגעהויבן צו שלאָגן דאָס אייזל, האָט גאָט געעפנט דעם אייזל'ס מויל און עס האָט געזאָגט:

— בלעם! הערסטו דען ניט, וואָס די שטיינער שרייען?

— ניין, איך הער גאָרניט! — האָט בלעם געענטפערט.

— און דו זעסט אויך ניט דעם מלאָך פון גאָט, וואָס שטייט דאָ אַנטקעגן?

— ניין, איך זע גאָרניט!

האָט דאָס אייזל אָנגעהויבן צו מאַכן שפּאַס פון אים:

— אָ, בלעם, בלעם, אויב דיין אייזל זעט און הערט מער פון דיר, היינט ווי קאָנסטו זיך פאַרמעסטן אין כוחות מיט אַזאַ גרויסן מענטשן ווי משה?!...

* * * *

4.

# דאָס אידישע לעבן

בלעם איז געגאַנגען מיט בלק'ן אָנצוקוקן ווי די אידן וואוינען.

ווען בלעם האָט דערזען די אידישע געצעלטן, ווי שען און קלוג זיי זיינען אויסגעשטעלט, אַז די איינגאַנגען פון געצעלטן זיינען ניט איינער אַנטקעגן אַנדערן, האָט ער זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און אָנגעהויבן לויבן די אידן:

— מה טובו אוהליך יעקב!... ווי גוט זיינען דיינע געצעלטן, יעקב! דאָס אידישע לעבן איז געבויט אויף צניעות (פּייאיטי, מאָ־דעסטי). ביי איטליכן אידן איז זיין געצעלט אַ הייליקטום פאַר אים און פאַר זיין הויזגעזינט, ניט ווי ביי אונז, וואָס איינער שעמט זיך ניט פאַרן צווייטן מיט קיין זאַך!...

ווען ער איז געגאַנגען ווייטער, און האָט דערהערט ווי לערער דאָרטן לערנען מיט די קינדערלאַך תורה, און די יונגע שטימע־לאַך קלינגען אָפּ אַזוי זיס אין דער מדבר־לופט, איז ער נאָכמער איבערראַשט געוואָרן און געזאָגט:

— משכנותיך, ישראל!... ווי גוט זיינען דיינע וואוינונגען, ישראל! די אידישע עלטערן לערנען זייערע קינדער גוטע מדות נאָך פון קליינערהייד. אָט דאָס הייסט אַ קלוג און פאַרשטענדיק פאָלק!

און ער האָט געזאָגט צו בלק'ן:

— וויסן זאָלסטו, אַז אַזוי לאַנג ווי די אידן וועלן פירן אַ ריין אידיש לעבן, און זייערע קינדער וועלן לערנען די תורה, וועט קיין שום שונא זיי ניט קאָנען באַזיגן!...

* * * *

5.

# אַ שונא ישראל

בלעם איז געווען אַ גרויסער מענטש, אָבער ער האָט געהאַט זייער שלעכטע מדות (זיטן). די ערגסטע מדה זיינע, וואָס ער האָט געהאַט, איז געווען "עין רעה", אַ שלעכט אויג (ניט קיין פאַרגינער).

און ווייל ער האָט משה'ן און די אידן ניט פאַרגונען זייער גרויסקייט און זייער באַרימטקייט, איז ער געוואָרן אַ גרויסער "שונא ישראל".

די שנאָה זיינע האָט אָבער בלעם מוראָ געהאַט אַרויסצווייזן אָפן. פיר מאָל האָט בלעם געזונגען הויכע לויבגעזאַנגען וועגן די אידן, אָבער טיף אין זיין האַרצן האָט ער זיי געהאַסט ניט ווייניקער פון בלק'ן, און האָט זיי געוואָלט אומברענגען פון דער וועלט.

אַ סימן:

ביי דער ערשטער געלעגנהייט, וואָס ער האָט געהאַט, האָט שוין בלעם געגעבן בלק'ן אַן עצה, ווי אַזוי זינדיק צו מאַכן דאָס פאָלק, און ער האָט דערמיט געבראַכט די מגפה אויף די אידן.

און דערויף האָבן די חכמים געזאָגט:

"ארורים הרשעים שאין טובתם שלמה" — פאַרשאָלטן זאָלן זיין די רשעים, וואָס זייער טובה איז קיינמאָל ניט מיט'ן גאַנצן האַרצן!...

און שלמה המלך האָט געזאָגט אין משלי:

"בשפתיו ינכר שונא ובקרבו ישית מרמה", מיט די ליפּן מאַכט דער שונא קאָמפּלימענטן, אָבער אין האַרצן ביי אים ליגט פאַרבאָרגן פאַלשקייט!...

* * * *

## 6.

# לוין פאַר גוטסקייט

**ווען בלעם האָט זיך אַוועקגעשטעלט און זיך איינגעקוקט אין** די שיינע בילדער, ווי אַזוי די אידישע געצעלטן זיינען פאַרשפּרייט אין מדבר, האָבן זיך פאַר זיינע אויגן אויך באַוויזן די לעבנס-בילדער פון דער אידישער צוקונפט.

און אָט איז פאַר אים פאַרבייגעגאַנגען אַ בילד, ווי די קינדס-קינדער פון דעם קיני (יתרו) זיצן צווישן די אידן, און מ׳גיט זיי אָפּ פיל כבוד דאָרטן.

האָט עס בלעם׳ען, דעם ניט-פאַרגינער מיטן שלעכטן אויג, זייער פאַרדראָסן און ער האָט מיט גרויס קנאה אַ פרעג געטאָן ביי גאָט:

— פאַרוואָס געבן עס דיינע געטרייע אידן אַזויפיל כבוד צו די אייניקלאַך פון יענעם געצנדינער יתרו?...

און גלייך ווי ער האָט דידאַזיקע ווערטער אויסגערעדט, האָט ער דערהערט אין דער לופט די שטים פון יתרו׳ן, ווי ער פרעגט אַזוי פאָטערליך זיינע טעכטער, וועלכע האָבן אים דערציילט, אַז אַ מאַן האָט זיי אָנגעטראָפן אין פעלד און האָט זיי באַשיצט פאַר די שלעכטע פאַסטוכער:

— און וואו איז יענער מאַן, וועלכן איר האָט באַגעגנט דאָרטן? פאַרוואָס האָט איר אים איבערגעלאָזט אין וועג? גייט, רופט אים אהער, און זאָל ער עסן מיט אונז ברויט!

און דאַמאָלט האָט בלעם געזאָגט צו זיך:

**— אָ, איצט ווייס איך שוין! אָט דאָס באַלוינען די אידן די קינדס-קינדער פון יתרו׳ן פאַר זייער זיידנ׳ס גוטסקייט!**

* * * *

## 7.

# "הן עם לבדד ישכון"...

די חכמים האָבן דידאַזיקע ווערטער אַזוי אויסגעטייטשט:
"הן" מיינט אין גריכיש "איינס".

בלעם האָט געגעבן בלק'ן צו פאַרשטייען, אַז דאָס אידישע פאָלק איז איין-איינציקס, וואָס מ'קאָן עס מיט קיין אַנדער אומה ניט פאַרגלייכן.

האָט אים בלק געפרעגט:

— ווי אַזוי ווייסטו דאָס?

איז בלעם געגאַנגען און האָט אָנגעשריבן אויף אַ טאפל דעם גאַנצן אידישן אלף-בית (אַלפאַבעט), און האָט אים געוויזן:

— קוק זיך גוט צו, בלק, וועסטו זען, אַז יעדער אות פון דעם אלף-בית האָט צו זיך אַ פּאָר, און ביידע אינאיינעם מאַכן זיי אויס אַ גלייכע צאָל, נאָר די "ה" און "נ" בלייבן אַליין אָן אַ פּאָר—

| | | | |
|---|---|---|---|
| א"ט | (א' איז איינס, | ט' איז ניין | – צוזאמען איז צען; |
| ב"ח | (ב' איז צוויי, | ח' איז אכט | – צוזאמען איז צען; |
| ג"ז | (ג' איז דריי, | ז' איז זיבן | – צוזאמען איז צען; |
| ד"ו | (ד' איז פיר, | ו' איז זעקס | – צוזאמען איז צען, |

און די ה' בלייבט אַליין.

איצט ווייטער:

| | | | |
|---|---|---|---|
| י"צ | (י' איז צען, | צ' איז ניינציק | –צוזאמען הונדערט; |
| כ"פ | (כ' איז צוואנציק, | פ' איז אכציק | –צוזאמען הונדערט; |
| ל"ע | (ל' איז דרייסיק, | ע' איז זיבעציק | –צוזאמען הונדערט; |
| מ"ס | (מ' איז פערציק, | ס' איז זעכציק | –צוזאמען הונדערט, |

און די נ' בלייבט אַליין.

און אָט דאָס איז דער סימבאָל פון "הן" עם לבדד ישכון, פונקט

ווי "הן" זיינען איינציק אָן אַ פּאָר, אַזוי איז אויך אָט דאָסדאָזיקע פאָלק.

* * * *

8.

## אַן אייביק פאָלק

גאָט האָט געזאָגט צו בלעם'ען:

— ווען דו וועסט נעמען בענטשן די אידן, זאָלסטו אויפהייבן דיין שטים, כדי אַז אַלע פעלקער אַרום זאָלן הערן און וויסן וואָס איך טו צו מיין ליב פאָלק דערפאַר וואָס ס'גייט אין מיינע וועגן. אפשר וועלן אויך יענע פעלקער פאַרלאָזן זייערע הילצערנע און שטיינערנע געטער און זיך באַהעפטן אין מיר!

האָט בלעם אָנגעהויבן צו זינגען אין דער הויך:

— גאָט זעט ניט קיין אומרעכט אין יעקב, און ער מערקט ניט קיין עוולה אין ישראל! ווער קאָן דען איבערציילן די אַלע גוטע מדות, מיט וועלכע דאָס געבענטשטע פאָלק איז באַרימט!

אויף אַן אָרימאַן האָבן זיי רחמנות און העלפן אים! אַ פרעמדער (אַ גר), וועלכער וואוינט צווישן זיי, האָט גלייכע רעכט מיט אַלע איינוואוינער! ווען אידן שניידן זייערע תבואות, לאָזן זיי איבער תבואה אין די עקן פון פעלד, זיי קלייבן ניט אויף די זאַנגען וואָס פאַלן אַראָפּ ביים שניט, זיי קערן זיך ניט אום צוצונעמען פאַרגעסענע גאַרבן אין פעלד — און דאָס אַלץ בלייבט איבער פאַר די אָרימע, פאַר די פרעמדע, פאַר די יתומים און פאַר די אַלמנות צו שפּייזן זיך!

אַפילו אויף דעם אָקס, מיט וועלכן זיי אַרבעטן, האָבן זיי רחמנות, און זיי פאַרשליסן קיינמאָל ניט זיין מויל!

אַז בלק האָט דערהערט ווי בלעם רעכנט אויס די מעלות פון די אידן, האָט זיך זיין כעס אָנגעצונדן און ער האָט אַ דערציטערטער אַ געשריי געטאָן אויף בלעם'ען:

— צו שילטן די אידן האָב איך דיך אַהער געבראַכט, און דו בענטשט און לויבסט גאָר מיינע פיינט!

האָט אים בלעם געענטפערט:

— כ׳מוז טאָן נאָר דאָס, וואָס גאָט באַפוילט מיר!

האָט בלק אָנגעהויבן פון אים צו שפּאָסן:

— אַ שיינער נביא ביזטו ביי ־אונז, אַז דו מוזט גאָר קוקן דעם אידישן גאָט אין מויל אַריין! שעמען דאַרפסטו זיך בלעם!

האָט בלעם אים געענטפערט:

— ווען דו זאָלסט וויסן דאָס וואָס איך וויים, וואָלסטו שוין קיין שפּאַסן ניט געמאַכט!

האָט בלק געפרעגט:

— וואָס זאָל איך אַזוינס וויסן?

האָט בלעם אַ טיפן זיפץ געטאָן און געזאָגט:

— וויסן זאָלסטו, אַז דער אידישער גאָט איז דער גאָט פון אַלע אייביגקייטן, און אויך זיין פאָלק וועט זיין אַן אייביק פאָלק!...

———:: ———

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באַנוצט אין אידיש)

**בלק** (דער קעניג פון מואָב):

"ער לערנט מיט אים בלק" זאָגט מען, ווען איינער גיט אַ צווייטן אַ "שווערע לעקציע".

**כלחוך השור** (ווי אַן אָקס עסט אָפּ ס׳גראָז פון פעלד):

מ׳זאָגט עס, ווען עמיצער עסט אויף עפּיס און לאָזט גאָרניט איבער.

**כי ברוך הוא** (ווייל ער איז געבענטשט).

**ויפתח ד׳ את פי האָתון** (און גאָט האָט אויפגעעפנט דעם אייזל׳ס מויל):

מ׳זאָגט עס, ווען מ׳דערהערט עפּים אַ חכמה פון איינעם, וואָס איז פאַררעכנט פאַר אַ נאַר.

**אשר ישים אלוהים בפי אותו אדבר** (וואָס גאָט וועט מיר אַריינלייגן אין מיין מויל, דאָס וועל איך רעדן).

**הן עם לבדד ישכון** (ס׳איז דאָך אַ פאָלק, וואָס וואוינט אָפּגעזונדערט).

**כי לא נחש ביעקב** (וואָרים ניטאָ קיין כישוף אין יעקב):

מ׳זאָגט עס אָנשטאָט: אַ איד גלויבט ניט אין כישוף.

**מה טובו אוהליך יעקב!** (ווי גוט זיינען דיינע געצעלטן, יעקב).

———::———

סדרה

# פינחס

## גאָט׳ס בונד מיט פינחס׳ן

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— פינחס בן־אלעזר, בן־אהרן הכהן, האָט אָפּגעקערט מיין כעס פון די בני־ישראל מיט דעם וואָס ער האָט זיך נוקם געווען מיין נקמה צווישן זיי, און דערפאַר האָב איך ניט פאַרטיליקט די אידן. דערום זאָג אים, אַז איך גיב אים מיין בונד פון פרידן, און דער בונד זאָל זיין צו אים און צו זיינע קינדער נאָך אים אַ בונד פון אייביקער כהונה, דערפאַר וואָס ער האָט זיך נוקם געווען פאַר זיין גאָט און האָט פאַרגעבן אויף די אידן!

און דער נאָמען פון דעם דערשלאָגענעם מאַן פון ישראל, וואָס איז דערשלאָגן געוואָרן מיט דער מדינית, איז געווען זמרי בן־סלוא, אַ פירשט פון איינעם פון די פינף פאָטערהייזער פון שבט שמעון. און דער נאָמען פון דער דערשלאָגענער מדיני׳שער פרוי איז געווען כזבי בת־צור, אַ טאָכטער פון אַ הויפּטמאַן פון איינעם פון די גרויסע פאָטערהייזער אין מדין.

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— האַסן זאָלט איר די מדינים און איר זאָלט זיי שלאָגן, וואָרים זיי האַסן אייך אין זייערע שלעכטע געדאַנקען, ווי זיי האָבן אויס־געטראַכט וועגן אייך מיט דער געצנדינסט פון אָפּגאָט פעור, און

מיט דער זינד פון כזבי, זייער שוועסטער, די טאָכטער פון מדיני'שען הויפטמאַן, צו מאַכן אייך אויסגעלאָסן!

* * * *

## צווייטע פאָלקסציילונג

און עס איז געווען נאָך דער מגפה, האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן און צו אלעזר בן-אהרן הכהן, אַזוי צו זאָגן:

—נעמט אויף די צאָל (ציילט איבער) פון דער גאַנצער עדה אידן, פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, איטלאַכער וואָס גייט אַרויס אין דער אידישער אַרמיי, לויט זייערע משפחות!

(דאָס ערשטע פאָלקסציילונג איז געווען אויפן צווייטן יאָר נאָך יציאת מצרים. און איצט, אויפן סוף פון די פערציק יאָר, נאָכדעם ווי דער מדבר-דור איז אויסגעשטאָרבן, איז פאָרגעקומען דאָס צווייטע פאָלקסציילונג צו וויסן וויפיל מענטשן עס וועלן זיין אין דער אַרמיי, וואָס דאַרף גיין איננעמען כנען).

און משה און אלעזר הכהן האָבן גערעדט מיט די אידן אין די פלוינען פון מואָב, ביים ירדן, לעבן יריחו, אַז זיי זאָלן זיין גרייט צו ציילן אַלע זכרים פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, אַזוי ווי גאָט האָט אָנגעזאָגט פריער ביים ערשטן ציילונג, ווען זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים.

* * * *

## די צאָל לויט די שבטים

| שבט | איצט | פריער | ווייניקער | מער |
|---|---|---|---|---|
| ראובן | 43,730 | 46,500 | 2,770 | — |
| שמעון | 22,200 | 59,300 | 37,100 | — |
| גד | 40,500 | 45,650 | 5,150 | — |
| יהודה | 76,500 | 74,600 | — | 1,900 |
| ישׂשכר | 64,300 | 54,400 | — | 9,900 |
| זבולון | 60,500 | 57,400 | — | 3,100 |
| מנשה | 52,700 | 32,200 | — | 20,500 |
| אפרים | 32,500 | 40,500 | 8,000 | — |
| בנימין | 45,600 | 35,400 | — | 10,200 |
| דן | 64,400 | 62,700 | — | 1,700 |
| אָשר | 53,400 | 41,500 | — | 11,900 |
| נפתלי | 45,400 | 53,400 | 8,000 | — |
| סך־הכל : | 601,730 | 603,550 | 1,820 | |

* * * *

## צעטיילונג פון לאַנד

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן, אַזוי צו זאָגן :

— צו דידאָזיקע, לויט זייער איצטיקער צאָל, זאָל איינגעטיילט ווערן דאָס לאַנד פאַר אַ נחלה ווערליק זייערע נעמען פון די נפשות. צו אַ שבט, וואָס האָט מער מענטשן, זאָלסטו פאַרגרעסערן זיין נחלה, און צו אַ שבט, וואָס האָט ווייניקער מענטשן, זאָלסטו פאַרקלע־נערן זיין נחלה, איטלאַכן לויט זיינע געצעלטע. אָבער נאָר דורך

אַ גורל זאָל צעטיילט ווערן דאָס לאַנד, לויט די נעמען פון זייערע פאָטער-שטאַמען. (פריער זאָל מען צעטיילן מיט אַ גורל די נחלה פון יעדן שבט, און נאָכדעם זאָל מען צעטיילן ווידער מיט אַ גורל די נחלות פון יעדער פאַמיליע).

און אָט דאָס זיינען געווען די געציילטע פון שבט לוי, לויט זייערע משפחות: די משפחה פון גרשון, די משפחה פון קהת, און די משפחה פון מררי.

זייערע געציילטע זיינען געווען, יעדער זכר פון אַ חודש אַלט און העכער, דריי און צוואַנציק טויזנט (מיט זיבן הונדערט מער ווי פריער).

וואָרים זיי, די לויים, זיינען ניט געציילט געוואָרן צווישן אַלע אידן, פון צוואַנציק יאָר אַלט און העכער, ווייל זיי איז ניט געגעבן געוואָרן קיין נחלה דאָרטן.

אָט דאָס זיינען די געציילטע, וואָס משה און אלעזר הכהן האָבן געציילט אין די פליינען פון מואָב, ביים ירדן, לעבן יריחו.

און צווישן דידאָזיקע איז ניט געווען קיין איין מאַן פון יענע, וואָס משה און אהרן הכהן האָבן געציילט אין מדבר סיני. וואָרים גאָט האָט זיי געזאָגט, אַז זיי וועלן אויסשטאַרבן אין מדבר, און עס איז פון זיי קיינער ניט געבליבן, אַחוץ כלב בן-יפונה און יהושע בן-נון.

* * * *

## די טענה פון צלפחד׳ס טעכטער

און עס זיינען צוגעקומען נאָענט די טעכטער פון צלפחד בן-חפר, פון שבט מנשה, — און דאָס זיינען די נעמען פון די טעכטער זיינע: מחלה, נועה, חגלה, מילכה און תרצה, — און זיי האָבן זיך געשטעלט פאַר משה׳ן און פאַר אלעזר הכהן, און פאַר די פירשטן און דער גאַנצער עדה ביים איינגאַנג פון אוהל-מועד, און זיי האָבן אַזוי גע׳טענה׳ט:

—אונזער פאָטער איז געשטאָרבן אין מדבר, — און ער איז ניט געווען צווישן דעם געזעמל מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַר־זאַמלט מיט קורח׳ן אַקעגן גאָט; נאָר דורך זיין אייגענער זינד איז ער געשטאָרבן, — און קיין זין האָט ער ניט געלאָזט. איז פאַרוואָס זאָל פעלן (געמינערט ווערן) אונזער פאָטער׳ס נאָמען פון צווישן זיין משפחה? אויב דערפאַר וואָס ער האָט ניט קיין זין, — טאָ גיב אונז אַן אייגנטום (נחלה) צווישן אונזער פאָטער׳ס ברידער!

האָט משה געבראַכט זייער משפט פאַר גאָט. און גאָט האָט געזאָגט:

— גערעכט טענה׳ן די טעכטער פון צלפחד! דו זאָלסט זיי געבן אַן אייגנטום פון אַ נחלה צווישן זייער פאָטער׳ס ברידער, און דו זאָלסט מאַכן איבערגיין די נחלה פון זייער פאָטער צו זיי! און צו די אידן זאָלסטו רעדן אַזוי: אויב איינער וועט שטאַרבן און קיין זון לאָזט ער ניט, זאָלט איר זיין נחלה איבערגעבן צו זיין טאָכטער. און אויב קיין טאָכטער לאָזט ער אויך ניט, זאָלט איר זיין נחלה איבערגעבן צו זיינע ברידער. און אויב קיין ברידער האָט ער אויך ניט, זאָלט איר זיין נחלה איבערגעבן צו זיין פאָטער׳ס ברידער. און אויב זיין פאָטער האָט קיין ברידער ניט, זאָלט איר זיין נחלה איבער־געבן צו זיין נענסטן קרוב. און דאָס זאָל זיין צו די אידן פאַר אַ רעכטגעזעץ, אַזוי ווי גאָט האָט אָנגעזאָגט משה׳ן!

* * * *

## גאָט זאָגט אָן משה׳ן וועגן זיין טויט

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— גיי אַרויף אויף דעמדאָזיקן באַרג עברים (אין מזרח־זייט פון דעם ים־המלח, אַקעגן יריחו, אין דער ריי פון די בערג נבו און פסגה), און קוק אָן דאָס לאַנד, כנען, וואָס איך האָב געגעבן צו די אידן. און אַז דו וועסט עס האָבן אָנגעקוקט, וועסטו אויך שטאַרבן („איינגעזאַמלט ווערן צו דיין פאָלק”) אַזוי ווי דיין ברודער אהרן

איז געשטאָרבן. ווייל איר האָט ווידערגעשפּעניקט מיין באַפעל אין מדבר צין, בשעת דער קריג פון דער עדה, צו הייליקן מיך פאַר זייערע אויגן דורך דעם וואַסער, דאָס איז דאָס וואַסער פון "מריבת-קדש" אין מדבר צין! (און דערפאַר זיינט איר באַשטראָפט געוואָרן ניט אַריינצוקומען קיין כנען!)

האָט משה גערעדט צו גאָט, אַזוי צו זאָגן:

— זאָל גאָט דער האַר, וואָס ווייסט די געדאַנקען פון יעדן מענטשן, באַשטימען אַ מאַן איבער דער עדה, וועלכער זאָל אַרויסגיין און אַריינקומען פאַרויס זיי, און וועלכער זאָל זיי אַרויסברייגנען און אַריינברייגנען, כדי די עדה פון גאָט זאָל ניט זיין אַזוי ווי שאָף וואָס האָבן ניט קיין פאַסטוך! (משה האָט געוואָלט וויסן ווער עס וועט זיין דער פירער פון די אידן נאָך זיין טויט).

* * * *

## גאָט באַשטימט יהושע'ן אַלס פירער

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— נעם דיר יהושע בן-נון, אַ מאַן וואָס אין אים איז דאָ גייסט, און דו זאָלסט אָנלענען דיין האַנט אויף אים, און דו זאָלסט אים אַוועקשטעלן פאַר אלעזר הכהן און פאַר דער גאַנצער עדה, און דו זאָלסט אים אַלץ אָנזאָגן פאַר זייערע אויגן, און דו זאָלסט אַרויפטאָן פון דיין שענקייט (רוח-הקודש, הייליקן גייסט) אויף אים, כדי די גאַנצע עדה פון די אידן זאָל הערן.

און ער זאָל שטיין פאַר אלעזר הכהן, און ער זאָל פרעגן ביי אים דעם באַשייד פון די אורים פאַר גאָט (אורים ותומים, וואָס דער כהן גדול פלעג זיי טראָגן אויף זיין האַרץ אינעם חושן האפוד, און ער פלעגט פרעגן ביי גאָט ווי אַזוי צו פירן זיך אין יעדן שווערן מאָמענט פאַרן פאָלק. וואָס אַזוינס די "אורים ותומים" זיינען געווען ווייסן מיר היינט ניט גענוי).

לויט דעמדאָזיקן באַשייד זאָלן זיי אַרויסגיין און אַריינקומען, ער און די אידן מיט אים!

האָט משה געטאָן אַזוי ווי גאָט האָט אים באַפוילן. און ער האָט גענומען יהושע'ן און האָט אים אַוועקגעשטעלט פאַר אלעזר הכהן און פאַר דער גאַנצער עדה, און ער האָט אָנגעלענט זיינע הענט אויף אים און האָט אים אָנגעזאָגט אַלץ, אַזוי ווי גאָט האָט גערעדט דורך משה'ן.

---

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן און האָט אים אָנגעזאָגט נאָכאַמאָל, ער זאָל פאַרזאָגן די אידן וועגן אַלע קרבנות פון וואָך, און פון שבת, און פון ראש-חודש, און פון פסח, און פון שבועות, און פון ראש-השנה, און פון יום-כפור, און פון סוכות, און פון שמיני-עצרת (דעם אַכטן טאָג סוכות), און ווי אַזוי די אידן זאָלן האַלטן הייליק די אַלע ימים-טובים, ניט צו טאָן קיין שום מלאָכה אין יענע טעג.

און משה האָט געטאָן אַלץ אַזוי ווי גאָט האָט אים באַפוילן.

———:———

# מעשיות און לעגענדעס

## 1.

## ביי גאָט זיינען אַלע גלייך

די פינף טעכטער פון צלפחד האָבן געהערט, אַז דאָס לאַנד ווערט איינגעטיילט לויט די שבטים און פאַמיליעס, אָבער קיין טעכטער ווערן ניט אַריינגערעכנט, האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט צו באַטראַכטן וואָס צו טאָן, אַז זייער פאָטער'ס נאָמען זאָל ניט פאַרלוירן גיין און זיין חלק נחלה זאָל ניט אַוועקגעגעבן ווערן צו קיין אַנדערן, דערפאַר וואָס ער האָט קיין זון ניט איבערגעלאָזט נאָך זיך.

און זיי האָבן באַשלאָסן צו באַקלאָגן זיך וועגן דעם און מאַכן אַ משפּט.

עס איז אָבער געווען איינגעאָרדנט, אַז פריער האָט מען זיך באַדאַרפט ווענדן צו די קלענערע באַאַמטע און נאָכדעם צו די העכערע, לויטן ראַנג.

זיינען די טעכטער געקומען פריער צו די האַרן איבער "צענדלינגער" (די שרי העשרות), און האָבן געזאָגט:

— מיר פאָדערן אונזער פאָטער'ס חלק פון אַ נחלה צווישן די אידן!

האָבן דידאָזיקע האַרן זיי אָפּגעשיקט צו די העכערע, וואָס איבער "פופציקער" (די שרי החמישים), און דידאָזיקע האָבן זיי אָפּגעשיקט צו די האַרן איבער "הונדערטער" (די שרי המאות), און דידאָזיקע — צו די האַרן איבער "טויזנטער" (די שרי האלפים), און די לעצטע האָבן זיי אָפּגעשיקט צו משה'ן אַליין.

ווען משה האָט אויסגעהערט זייער פאָדערונג האָט ער געזאָגט:

— כ׳דענק, אַז איר קומט מיט אַ גערעכטע טענה; אָבער איך מוז אָנפרעגן ביי גאָט!

האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן:

— צלפחד׳ס טעכטער רעדן זייער ריכטיק! פרויען זיינען פונקט אַזוי בארעכטיקט צו זייער פאָטער׳ס חלק, ווי מענער, — מ׳טאָר זייער חלק ניט צונעמען!

די טעכטער זיינען אַוועק מיט אַ פרייד און דערציילט וועגן דעם גערעכטן משפט פון גאָט, און אַלע פרויען פון דער מחנה זיינען אַרום אַקעגן זיי און האָבן זיי באַגריסט מיט אַ געזאַנג:

— טוב ד׳ לכל! גאָט איז גוט צו יעדן!... כי לי כל הארץ! די ערד איז מיינע, — און יעדער באַזונדער האָט אַ גלייכן חלק אין איר!...

* * * *

2.

## משה בעט פאַר יהושע׳ן

אַמאָל האָט אַ קעניג דערזען אַ שיין אָרים מיידל, איז זי אים שטאַרק געפעלן געוואָרן און ער האָט זי געוואָלט נעמען פאַר אַ ווייב.

האָט ער געשיקט זי רופן צו זיך אין פאַלאַץ אַריין, און ער האָט איר געפרעגט:

— ווילסטו ווערן מיין קעניגין?

האָט דאָס אָרימע מיידל געענטפערט:

— ניין, קעניג, איך בין ניט ווערט צו זיין דיין קעניגין! איך בין אָרים און ניט גענוג געלערנט און קלוג דערצו, און איך פאַסט ניט פאַר דיר! איטלאַכער דאַרף זיך נעמען זיין גלייכן!...

און דאָס מיידל איז אַוועק אַהיים.

דער קעניג האָט אָבער דאָס מיידל זייער שטאַרק ליב געהאַט. ער האָט ניט געקאָנט רוען. האָט ער געהאַלטן אין איין שיקן צו איר

און בעטן, אַז זי זאָל איינשטימען צו חתונה האָבן מיט אים, נאָר זי האָט אים אַלץ אָפּגעזאָגט.

צום זיבעטן מאָל, ווען דער קעניג האָט געשיקט צו איר, האָט זי שוין מער ניט געקאָנט אָפּזאָגן און זי איז געוואָרן זיין ווייב.

אין יאָרן אַרום האָט זיך די קעניגין מיט עפּיס פאַרשולדיקט אַקעגן איר מאַן. איז ער ברוגז געוואָרן אויף איר, און ער האָט איר פאַרבאָטן אַריינצוקומען צו אים אין קעניגליכן פּאַלאַץ אַריין.

האָט די קעניגין געזען, אַז דער קעניג האָט זי שוין מער ניט ליב, און ער וועט געוויס נעמען אַן׳אַנדערע אויף איר אָרט. האָט זי געזאָגט צו אים:

— ליבער קעניג! איך האָב פריער געוואוסט, אַז איך פּאַסט ניט פאַר דעם פּלאַץ, און דערפאַר האָב איך זיך ביי דיר געבעטן, אַז דו זאָלסט דיר נעמען דיין גלייכן. און איצט, אַז דו האָסט מיך פאַרטריבן פון דיין פּאַלאַץ, ווייס איך שוין, אַז דו וועסט נעמען אַן׳אַנדערע אויף מיין אָרט. דערום בעט איך דיך, ליבער קעניג, זע, אַז מיט דער נייער קעניגין דיינער זאָלסטו זיך שוין בעסער באַגיין!...

דאָס איז אַ משל אַקעגן משה׳ן:

ווען גאָט האָט פאַרבאָטן משה׳ן אַריינצוקומען קיין כנען, האָט משה צו אים געזאָגט:

— דו ווייסט דאָך, גאָט, אַז איך האָב ניט געוואָלט ווערן דיין שליח צו די אידן. איך האָב זיך ביי דיר געבעטן, אַז דו זאָלסט שיקן עמיצן אַנדערש צו זיין אַ פירער. נאָר דו האָסט מיך זיבן מאָל גערופן, און איך האָב שוין מער ניט געקאָנט אָפּזאָגן און בין געגאַנגען אין דיין שליחות. און איצט, אַז דו האָסט מיר פאַרבאָטן אַריינצוקומען אין דיין הייליק לאַנד ארץ־ישראל, ווייס איך דאָך, אַז דו וועסט באַשטימען יהושע׳ן פאַר אַ פירער אויף מיין אָרט. דערום בעט איך דיך, ליבער גאָט, אַז מיט דעם נייעם פירער זאָלסטו זיך שוין בעסער באַגיין!...

* * * *

3.

# משה לערנט יהושע׳ן

משה האָט גענומען יהושע׳ן און האָט צו אים געזאָגט אַזוי:

— הער מיך אויס, מיין טייערער! איך לייג אַרויף מיינע הענט אויף דיר און טייל אָפּ פון מיין פּראַכט און כבוד און גייסט אויף דיר, און דו דאַרפסט ווערן דער פירער פון פאָלק, — געדענק זשע וואָס איך לערן דיך!

האָט יהושע געענטפערט מיט טרערן אין זיינע אויגן:

— מיין האַר משה, אַלץ וואָס דו וועסט מיר זאָגן, וועל איך פאָלגן!

האָט משה ווייטער גערעדט:

— וויסן זאָלסטו, יהושע, אַז דאָס אידישע פאָלק איז נאָך יונג (כי נער ישראל), עס ווייסט נאָך ניט ווי אַזוי זיך אויפצופירן. אָפט גייט עס אַראָפּ פונם ריכטיקן וועג. זאָלסטו אויף די אידן אין כעס ניט ווערן! געדולד און רחמנות זיינען די צוויי נויטיקסטע מעלות פאַר פירער. זיי האָבן שוין געגוג מאָל גאָט אַליין דערצערנט, און דאָך, ווייסטו שוין, אַז ער האָט זיי תמיד פאַרגעבן!...

האָבן זיך ווידער באַוויזן טרערן אין יהושע׳ס אויגן. ער האָט שטאַרק געציטערט. די גרויסע אחריות פון פירערשאַפט האָט אים געשראָקן. ער האָט זיך אָבער אָנגענומען מיט כח און מוט און גע־זאָגט:

— איך וועל זען אַלץ טאָן ווי דו, מיין האַר, לערנסט מיך!

האָט משה דאַן אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף יהושע׳ס קאָפּ און ער האָט געזאָגט:

— גאָט זאָל דיך אַזוי שטאַרקן, מיין טייערער, ווי דו האָסט מיך געשטאַרקט מיט דיין צוזאָג! איך בין זיכער, אַז דו וועסט רחמנות האָבן אויף מיין פאָלק, ווי אַ פאָטער האָט רחמנות אויף זיינע קינדער (כרחם אָב על בנים), און דו וועסט זיי פירן מיט געדולד און

געטריישאַפט, ווי אַ מוטער פירט אירע קינדער (שקמתי אם בישראל) און דערום גיב איך דיר מיין ברכה: גיי מיט זיכערקייט אין דיין וועג, און גאָט זאָל באַגליקן דיינע טריט!...

* * * *

4.

## דער האַס אויף מדין

גאָט האָט גערעדט צו משה'ן:

— האַס די מדינים און שלאָגט זיי, וואָרים זיי האַסן אייך אין זייערע שלעכטע געדאַנקען, זיי זיינען אייך שונאים אויפן לעבן!

האָבן די חכמים געפרעגט:

— ווי קומט עס, וואָס גאָט האָט אַזוי גערעדט, אַז די אידן זאָלן זיך נוקם זיין אין די מדינים?

און זיי האָבן געענטפערט אַזוי:

— איבער דריי זינד דאַרף זיך אַ איד לאָזן טויטן, און ניט פאָלגן ווען מ'צווינגט אים צו זינדיקן מיט זיי:

א) ווען מ'צווינגט אים צו דינען די "עבודה זרה" (אָפּגעטער);

ב) ווען מ'צווינגט אים צו לעבן אויסגעלאַסן מיט פרויען;

ג) ווען מ'צווינגט אים צו גיין טויטן אַ מענטש.

אָבער ווען אַ רוצח פאַלט אָן אויף דיר און וויל דיך הרג'ענען, דאַרפסטו זיך פעדערן (מקדים זיין; טו קאַם בעפאָר) און אים טויטן.

און דער, וואָס קומט און מאַכט דיר זינדיקן, איז ערגער פון אַ רוצח, וואָס וויל דיך הרג'ענען.

צוויי פעלקער זיינען געגאַנגען אַקעגן די אידן מיט שווערדן צו טויטן זיי, און צוויי פעלקער — מיט זינד צו פאַרפירן זיי.

דער מצרי און דער אדומי זיינען אַרויס אַקעגן אונז מיט שווערדן.

עמון און מואָב זיינען אַרויס אַקעגן אונז מיט זינד.

האָט די תורה אָנגעזאָגט:

"זאָלסט ניט פאַראומווירדיקן קיין מצרי און קיין אדומי, ווייל ער איז דיין ברודער!"

אָבער —

"אַן עמוני און אַ מואָבי זאָל ניט קומען אין גאָט'ס קהל!"

און דערום איז דער האַס צו די מדינים געווען אַזוי גרויס, ווייל זיי האָבן די אידן געמאַכט זינדיקן.

* * * *

5.

## די אידן און די פעלקער

ווען גאָט האָט געהייסן די אידן מקריב זיין קרבנות אין די זיבן טעג פון סוכות, האָבן די אידן נאָכדעם געפרעגט:

— רבונו של עולם, אַלע זיבן טעג פון יום-טוב סוכות זיינען מיר מקריב זיבעציק אָקסן אַקעגן די זיבעציק פעלקער פון דער וועלט, כדי צו פאַרגיבן אויף זייערע זינד פאַר דיר, וואָלטן דאָך די פעלקער באַדאַרפט ליב האָבן אונז דערפאַר. איז ניט גענוג וואָס זיי האָבן אונז ניט ליב, נאָר זיי האַסן אונז נאָך שטאַרק?!...

האָט זיי גאָט דערויף געענטפערט:

— קינדער מיינע, די פעלקער מאַכן ווען אייך אַ גרויסן טעות. זיי קענען אייך ניט גענוג, און ווייסן ניט אייערע פירונגען. די אומות העולם זען, אַז אַלע זיבן טעג פון סוכות זיינט איר מקריב פאַר זיי זיבעציק אָקסן, אָבער יעדן טאָג פאַרקלענערט איר אַלץ די צאָל: דעם ערשטן טאָג דרייצן אָקסן, דעם צווייטן טאָג צוועלף אָקסן, דעם דריטן טאָג עלף, דעם פירטן טאָג צען, דעם פינפטן טאָג ניין, דעם זעקסטן טאָג אַכט, און דעם זיבעטן טאָג שוין נאָר זיבן אָקסן, — דענקען זיי, אַז אייער ליבע צו זיי ווערט אַלץ קלענער פון טאָג צו טאָג. דערום האָב איך אייך געגעבן דעם אַכטן טאָג סוכות, "שמיני עצרת",

ווען איר זיינט מקריב נאָר פאַר אייך אַליין שוין, און דאָך באַנוגט איר זיך בלויז מיט איין אָקס, וועלן די פעלקער סוף כל סוף אָנהויבן צו פאַרשטייען אייך און אייער תורה!...

דערויף האָט דער נביא געזאָגט:

"ומלאה כל הארץ דעה כמים לים מכסים" — די גאַנצע וועלט וועט פול ווערן מיט וויסן, פונקט ווי די וואַסערן פאַרדעקן דעם ים; און דאַמאָלט וועט מער ניט זיין קיין שנאה צווישן פאָלק און פאָלק!...

* * * *

6.

## דער צדיק און דער טייטלבוים

משה האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף יהושע'ס אַקסל און האָט אים מיט גרויס ליבע אָנגעזאָגט:

— מיין טייערער! דער עקר לערן זיך צו האָבן די מדות פון גאָט: אַזוי ווי ער איז אַ דערבאַרעמדיקער (האָט רחמנות), אַזוי זאָלסטו אויך זיין אַ דערבאַרעמדיקער; אַזוי ווי ער איז אַ צדיק, אַזוי זאָלסטו אויך זיין אַ צדיק (פירן מיט גערעכטיגקייט), וואָרים "צדיק כתמר יפרח" — דער וואָס פירט זיך מיט גערעכטיגקייט בליט ווי אַ טייטלבוים!

האָבן די תלמידים אַמאָל געפרעגט ביי הלל הזקן:

— פאַרוואָס שטייט געשריבן אין תהילים, אַז דער צדיק וועט גראָד בליען ווי אַ טייטלבוים, און ניט ווי אַן'אַנדער בוים?

האָט הלל זיי געענטפערט:

— תלמידים מיינע, איך האָב אייך תמיד געלערנט, אַז עס איז ניטאָ קיין בעסערער צוועק פאַר אַ מענטשן, ווי צו ליב האָבן אַלע זיינע מיטמענטשן און טאָן פאַר זיי גוטס מיטן גאַנצן האַרצן. און נאָר אַזאַ מענטש איז ווערט אָנגערופן צו ווערן צדיק. וואָרים אַ צדיק לעבט ניט נאָר פאַר זיך אַליין. פונקט ווי דער טייטלבוים גיט אַוועק צו דער וועלט אַלצדינג וואָס ער פאַרמאָגט נאָר: זיין פרוכט צום

עסן; זיינע לולבים צום בענטשן; זיינע בלעטער צום באַשיצן פון די הייסע זונשטראַלן; זיינע דינינקע צווייגלאַך צו מאַכן פון זיי זיפּן, און זיין האָלץ צום בויען הייזער און צו מאַכן שיינע כלים, — אַזוי דאַרף אויך זיין דער צדיק!...

———:———

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש
(וועלכע מע באַנוצט אין אידיש)

**פינחס בן־אלעזר בן־אהרן הכהן**
מ׳זאָגט עס אויף איינעם, וואָס האַלט זיך פון גרויסן יחוס: "ער איז ביי זיך פינחס בן־אלעזר בן־אהרן הכהן"...

**כצאן אשר אין להם רועה** (ווי שאָף וואָס האָבן ניט קיין פּאַס־טוך):

**טוב ד׳ לכל** (גאָט איז גוט צו יעדן).

**כי לי כל הארץ** (צו מיר געהערט די גאַנצע ערד).

**כרחם אב על בנים** (ווי אַ פאָטער האָט רחמנות אויף זיינע קינ־דער).

**שקמתי אם בישראל** (איך בין אויפגעשטאַנען אַלס אַ מוטער צווישן די אידן).

———:———

סדרה

# מטות

(די שבטים)

## דינים וועגן נדרים

און משה האָט גערעדט צו די עלטסטע פון די שבטים פון די אידן, אַזוי צו זאָגן:

— אָט דאָס איז די זאַך, וואָס גאָט האָט באַפוילן: אַז אַ מאַן וועט טאָן אַ נדר צו גאָט, אָדער וועט שווערן אַ שבועה צו פאַרבאָטן עפּיס אויף זיך, זאָל ער ניט פאַרשוועכן זיין וואָרט, — אַלץ וואָס גייט אַרויס פון זיין מויל, אַלס צוזאָג, זאָל ער טאָן!

און אַז אַ פרוי וועט טאָן אַ נדר צו גאָט, און וועט עפּיס פאַר־באָטן אויף זיך, ווען זי איז נאָך ביי איר פאָטער אין הויז, אין איר יוגנט, זי האָט נאָך ניט קיין מאַן. און איר פאָטער וועט הערן וועגן איר נדר, און ער וועט צושווייגן און אים ניט צעשטערן, — זאָלן אַלע אירע נדרים בלייבן דאַן אין קראַפט, און זי מוז זיי מקיים זיין. אויב אָבער איר פאָטער וועט איר יאָ פאַרווערן דעם נדר אין דעם טאָג, וואָס ער האָט געהערט, זאָלן אירע נדרים ניט בלייבן אין קראַפט, נאָר בטל ווערן, — און גאָט וועט איר פאַרגעבן (ווייל עס איז ניט איר שולד, זי איז אין פאָטער׳ס רשות).

און אויב זי האָט חתונה, ווען אירע נדרים זיינען אין קראַפט, און איר מאַן וועט הערן וועגן די נדרים און ער וועט צושווייגן, און ניט צעשטערן זיי, בלייבן די נדרים שוין אין קראַפט אויך אויף שפּעטער. אויב אָבער איר מאַן וועט איר פאַרווערן אין דעם טאָג, וואָס ער

הערט ווענן זיי, זאָלן אירע נדרים פאַרשטערט ווערן, — און גאָט וועט איר פאַרגעבן (ווייל עס איז ניט איר שולד, זי איז אין איר מאַנ׳ס רשות).

און אויב אַ פרוי וועט טאָן אַ נדר אין איר מאַן׳ס הויז, און דער מאַן וועט הערן און ער וועט איר צושווייגן און ניט פאַרווערן, זאָלן אַלע נדרים אירע בלייבן אין קראַפט. אויב אָבער דער מאַן וועט איר פאַרווערן אין דעם טאָג, וואָס ער הערט וועגן זיי, ווערן די נדרים פאַרשטערט, — און גאָט וועט איר פאַרגעבן.

יעדער נדר און יעדע שבועה אויף צו פייניקן זיך, קאָן בלייבן אין קראַפט און קאָן פאַרשטערט ווערן דורכ׳ן מאַן.

און אויב דער מאַן וועט צושווייגן דעם גאַנצן טאָג, וואָס ער הערט וועגן זיי, בלייבן די נדרים אין קראַפט. און אַז ער פאַרשטערט זיי שפּעט נאָכדעם ווי ער האָט געהערט, וועט ער טראָגן איר זינד.

אַן אַלמנה אָדער אַ גרושה ווען זי טוט אַ נדר, בלייבט דער נדר אין קראַפט (ווייל זי איז אין איר אייגענעם רשות).

* * * *

## די אידן נעמען נקמה אָן מדין

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— זיי זיך נוקם די אידנ׳ס נקמה אָן די מדינים. דערנאָך וועסטו שטאַרבן!

האָט משה גערעדט צום פאָלק, אַזוי צו זאָגן:

— באַוואָפנט פון אייך מענער צום חיל (אַרמיי), און זאָלן זיי זיין צו מלחמה האַלטן מיט מדין, כדי צו נעמען גאָט׳ס נקמה אָן דעם־דאָזיקן פאָלק. טויזנט פון יעדן שבט זאָלט איר שיקן אין דער אַרמיי!

און עס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן צוועלף טויזנט באַוואָפנטע מענער, צו טויזנט פון יעדן שבט פון ישראל.

און משה האָט זיי געשיקט אין דער מלחמה אַריין, — זיי מיט

פינחס בן־אלעזר בן־אהרן הכהן, מיט די הייליקע כלים (דעם אָרון מיט די לוחות), און די שאַלטרומייטען אין זיין האַנט.

און זיי האָבן מלחמה געהאַלטן מיט מדין, אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן משה׳ן, און זיי האָבן אויסגע׳הרג׳עט יעדן דערוואַקסענעם מאַנסּפאַרשוין (זכר).

און אויך די מלכים פון מדין האָבן זיי גע׳הרג׳עט צווישן זייערע דערשלאָגענע: אווי, רקם, צור, חור און רבע, די פינף מלכים פון מדין. און אויך בלעם בן־בעור האָבן זיי געטויט מיט אַ שווערד.

און די בני־ישראל האָבן געפאַנגן די ווייבער און די קליינע קינדער פון מדין, און אַלע זייערע בהמות און פי, און זייער גאַנצן פאַרמעגן האָבן זיי אַוועקגערויבט. און אַלע זייערע שטעט אין זייערע וואוינערטער און אַלע זייערע לאַגערגעצעלטן האָבן זיי פאַרברענט אין פייער.

און זיי האָבן גענומען דעם גאַנצן זאַקרויב (זאַכן וואָס מ׳נעמט אין אַ זאַק אַוועקצוטראָגן), און דעם גאַנצן טרייבערויב, מענטשן און בהמות (וועלכע גיין צופוס), און זיי האָבן געבראַכט צו משה׳ן און צו אלעזר הכהן און צו דער עדה אידן אין לאַגער אַריין, אויף די פלוינען פון מואָב, ביים ירדן, לעבן יריחו.

זיינען אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן זיי אויסער׳ן לאַגער משה און אלעזר הכהן און אַלע פירשטן פון דער עדה, צו מקבל פנים זיין זיי.

און משה האָט געצערנט אויף די עלטסטע פון דער אַרמיי, די האַרן איבער טויזנטער און די האַרן איבער הונדערטער (שרי האלפים ושרי המאות), וואָס זיינען געקומען פון דער מלחמה, און ער האָט געזאָגט צו זיי:

— פאַרוואָס האָט איר געלאָזט לעבן אַלע ווייבספאַרשוינען (נקבות)? דאָס האָבן זיי דאָך, אויף בלעמ׳ס עצה, געמאַכט די אידן צו פעלשן אין גאָט, אין דער געשיכטע פון דעם אָפּגאָט פעור, און דערפאַר איז די מגפה געווען אין גאָט׳ס עדה! און איצט הרג׳עט יעדן זכר צווישן די קליינע קינדער (כדי זיי זאָלן זיך ניט נוקם זיין

שפּעטער אָן אייך), און יעדער פּרוי וואָס האָט געהאַט אַ מאַן. אָבער אַלע קליינע מיידלאַך זאָלט איר לאָזן לעבן פאַר אייך. און איר, רוט אויסער׳ן לאַגער (מחוץ למחנה) זיבן טעג. איטלאַכער וואָס האָט גע־הרג׳עט אַ נפש, אָדער וואָס האָט זיך אָנגערירט אָן אַ טויטן, רייניקט אייך אויפן דריטן טאָג און אויפן זיבעטן טאָג, איר און אייערע גע־פאַנגענע. און יעדער בגד, און יעדע זאַך פון פעל און פון ציגנהאָר, און פון האָלץ זאָלט איר אייך רייניקן.

און אלעזר הכהן האָט געזאָגט צו די מענטשן פון דער אַרמיי, וואָס זיינען געגאַנגען אין מלחמה:

— דאָס איז דאָס געזעץ פון דער תורה, וואָס גאָט האָט באַפוילן משה׳ן: אָבער דאָס גאָלד און דאָס זילבער, דאָס קופּער, דאָס אייזן, דאָס צין און דאָס בליי, יעדע זאַך וואָס קאָן קומען אין פייער, זאָלט איר דורכפירן אין פייער, און עס וועט ווערן ריין. נאָר עס מוז נאָך אויך געריייניקט ווערן מיט׳ן שפּרינגוואַסער (וואָס איז געמישט מיטן אַש פון דער פרה אדומה). און אַלץ וואָס קאָן ניט קומען אין פייער, זאָלט איר דורכפירן אין וואַסער. און איר זאָלט וואַשן אייערע קליי־דער אויפן זיבעטן טאָג, און איר וועט ווערן ריין, און דערנאָך מעגט איר אַריינקומען אין דער מחנה.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— צייל איבער דעם רויב פון דער מלחמה, דו און אלעזר הכהן און די עלטסטע פון די פאָטערהייזער פון דער עדה, און דו זאָלסט צעטיילן: האַלב פאַר די מלחמה־האַלטערס, און האַלב פאַר דער עדה. און דו זאָלסט אָפּשיידן אַן אָפּגאָב (מעקס) צו גאָט, איינס פון פינף הונדערט פונם חלק פון די מלחמה־לייט, און געבן צו אלעזר הכהן; און איינס פון פופציק פונם חלק פון דער עדה אידן, און געבן צו די לויים, וואָס היטן דעם משכן פון גאָט.

און משה און אלעזר הכהן האָבן אַזוי געטאָן ווי גאָט האָט באַ־פוילן משה׳ן.

* * * *

# דער פאַרלאַנג פון ראובן און גד

און די בני־ראובן און די בני־גד האָבן געהאַט זייער אַסך פי, און אַז זיי האָבן געזען דאָס לאַנד יעזר און דאָס לאַנד גלעד, אַז עס איז אַ גוט אָרט פאַר פי, זיינען זיי געקומען צו משה׳ן און צו אלעזר הכהן און צו די עלטסטע פון דער עדה, און זיי האָבן אַזוי געזאָגט:

— דאָס לאַנד, וואָס גאָט האָט געשלאָגן פאַר דער עדה פון ישראל, איז אַ לאַנד פאַר פי, עס וואַקסט דאָרטן אַסך פאַשע (פאַס־טשור), און אַזוי ווי מיר, דיינע קנעכט, האָבן אַסך פי, איז אויב מיר האָבן געפונען חן אין דיינע אויגן, זאָל דאָסדאָזיקע לאַנד אָוועקגעגעבן ווערן צו אונז פאַר אַן אייגנטום,; זאָלסט אונז ניט אַריבער־פירן דעם ירדן!

האָט משה געזאָגט צו די בני־גד און בני־ראובן:

— זאָלן אייערע ברידער גיין אין מלחמה אַריין, און איר וועט זיך זיצן דאָ? און פאַרוואָס זאָלט איר אָפּקערן דאָס האַרץ פון די אידן פון אַריבערצוגיין אין דעם לאַנד, וואָס גאָט האָט זיי געגעבן? אָט אַזוי האָבן אייערע עלטערן געטאָן, ווען איך האָב זיי געשיקט פון קדש ברנע אָנצוקוקן דאָס לאַנד: זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען ביזן טאָל אשכול און האָבן אָנגעקוקט דאָס לאַנד, און זיי האָבן אָפּגעקערט דאָס האַרץ פון די אידן, ניט צו גיין אין דעם לאַנד, וואָס גאָט האָט זיי געגעבן. האָט גאָט׳ס כעס געברענט אין יענעם טאָג, און ער האָט געשוואָרן: "אַז די מענטשן פון צוואַנציק יאָר און העכער, וואָס זיינען אַרויסגע־גאַנגען פון מצרים, וועלן ניט זען די ערד, וואָס איך האָב צוגעזאָגט צו אברהם׳ן, יצחק׳ן און יעקב׳ן, ווייל זיי האָבן ניט געהאַט דעם פולן צוטרוי (בטחון) צו מיר — אַחוץ כלב בן־יפונה און יהושע בן־נון, וואָס האָבן יאָ געהאַט בטחון אין מיר!" און גאָט׳ס צאָרן האָט גע־גרימט (זיין כעס האָט געברענט) אויף ישראל, און ער האָט זיי גע־מאַכט וואָגלען אין דעם מדבר פערציק יאָר, ביז יענער גאַנצער זינ־דיקער דור איז אויסגעשטאָרבן. און איצטער זיינט איר אויפגעשטאַ־

נען אויף אייערע עלטערנ׳ס אָרט, קינדער פון זינדיקע מענטשן, נאָך צוצולייגן צום כעס פון גאָט אויף ישראל! וואָרים אַז איר וועט זיך אָפּקערן פון אים, וועט ער זיי ווידער לאָזן אין מדבר, און איר וועט אומברייינגען דאָסדאָזיקע גאַנצע פאָלק!

זיינען זיי צוגעגאַנגען נאָענט צו משה׳ן, מיט געבעט, און האָבן געזאָגט:

— מיר וועלן נאָר אויסבויען דאָ שאָפּעס (פאַרצאַמטע ערטער מיט דעכער) פאַר אונזער פי און שטעט פאַר אונזערע קליינע קינ־דער; אָבער מיר אַליין וועלן זיך גיך באַוואָפּענען צו זיין גרייט צו גיין פאָראויס די אידן, ביז מיר וועלן זיי אַריינברייינגען אין זייער אָרט. מיר וועלן זיך ניט אומקערן צו אונזערע היימען ביז די בני־ישראל וועלן ניט זיצן יעדערער אויף זיין נחלה. וואָרים מיר וועלן ניט נעמען קיין נחלה פון יענער זייט ירדן, אין מערב זייט, און ווייטער, — ווייל אונזער נחלה האָבן מיר דאָך שוין גענומען דאָ אויף דערדאָזיקער זייט ירדן, אין מזרח־זייט!

* * * *

## דער תנאי מיט ראובן און גד

האָט משה צו זיי געזאָגט:

— אויב איר וועט טאָן דידאָזיקע זאַך: אויב איר וועט זיך באַוואָפּענען פאַר גאָט צו מלחמה האַלטן פאַר די אידן, און יעדער באַוואָפּנטער פון אייך וועט איבערגיין דעם ירדן, ביז ער וועט פאַר־טרייבן די אידנ׳ס שונאים און דאָס לאַנד וועט איינגענומען ווערן, און ערשט נאָכדעם וועט איר זיך אומקערן צו זיך אַהיים, — דאַמאָלט וועט איר זיין ריין פאַר גאָט און פאַר ישראל, און דאָסדאָזיקע לאַנד, וואָס איר פאַרלאַנגט, וועט זיין צו אייך פאַר אַן אייגנטום. אויב, אָבער, איר וועט אַזוי ניט טאָן, זאָלט איר וויסן, אַז איר האָט גע־זינדיקט פאַר גאָט און אייער שטראָף וועט אייך טרעפן! גייט,

בויעט אייך שטעט פאַר אייערע קליינע קינדער, און שאָפּעס פאַר אייערע שאָף, — אָבער וואָס איז אַרויס פון אייער מויל (אייער צו־זאָג) זאָלט איר טאָן!

האָבן די בני־גד און בני־ראובן געזאָגט צו משה׳ן:

— דיינע קנעכט וועלן טאָן, אַזוי ווי דער האַר באַפעלט!

האָט משה באַפוילן וועגן זיי אלעזר הכהן און יהושע בן־נון און די עלטסטע פון די שבטים פון ישראל, און ער האָט זיי אַזוי געזאָגט:

— אויב די בני־גד און די בני־ראובן וועלן אַריבערגיין דעם ירדן מיט אייך, איטלאַכער באַוואָפנט צו מלחמה פאַר גאָט, און דאָס לאַנד וועט איינגענומען ווערן פאַר אייך, — זאָלט איר זיי געבן דאָס לאַנד גלעד פאַר אַן אייגנטום. אויב אָבער זיי וועלן ניט אַריבער־גיין באַוואָפנטע מיט אייך, — זאָלן זיי קריגן זייער אייגנטום צווישן אייך אין לאַנד כנען.

האָבן געענטפערט די בני־גד און די בני־ראובן און האָבן גע־זאָגט:

— וואָס גאָט האָט גערעדט וועגן דיינע קנעכט וועלן מיר טאָן! מיר וועלן אַריבערגיין באַוואָפנטע צו מלחמה פאַר גאָט אין לאַנד כנען, און מיט אונז וועט זיין, אַז מיר וועלן קריגן דאָס אייגנטום פון אונזער נחלה פון דער מזרח זייט ירדן!

און אַזוי, אויף דעמדאָזיקן תנאי, האָט משה געגעבן צו די בני־גד און די בני־ראובן און צו אַ האַלבן שבט פון מנשה בן־יוסף (וואָס איז נאָכדעם צוגעשטאַנען צו דער בקשה) די קעניגרייכן פון סיחון דעם מלך פון אמורי און פון עוג דעם מלך פון בשן, דאָס לאַנד מיט אַלע שטעט, לויט די גרעניצן אַרום.

און די בני־גד האָבן געבויט דיבון, און עטרות, און ערוער, און עטרות־שופן, און יעזר, און יגבהה, און בית־נמרה, און בית־הרן, באַ־פעסטיקטע שטעט מיט שאָפּעס פאַר שאָף.

און די בני־ראובן האָבן געבויט חשבון, און אלעלא, און קריתים, און נבו, און בעל־מעון, און שבמה, — זיי האָבן איבערגעביטן די

נעמען פון די אַלטע שטעט, וואָס מע האָט גערופן נאָך זייערע אָפּ־געטער (נבו און בעל־מעון) און האָבן געגעבן העברעאישע נעמען צו די שטעט, וואָס זיי האָבן געבויט.

און די בני־מכיר בן־מנשה זיינען געגאַנגען קיין גלעד און זיי האָבן זי איינגענומען, און זיי האָבן פאַרטריבן דעם אמורי און האָבן זיך דאָרטן באַזעצט. און יאיר בן־מנשה איז געגאַנגען און האָט איינ־גענומען זייערע דערפער, און האָט זיי גערופן יאיר׳ם דערפער. און נובח בן־מנשה איז געגאַנגען און האָט איינגענומען קנת מיט אירע קליינע וואוינערטער, און ער האָט זי גערופן מיט זיין נאָמען נובח.

———:: ———

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## דאָס קעמל זוכט הערנער...

נאָכדעם ווי די אידן האָבן געזינדיקט מיט די טעכטער פון מדין און עס האָט אויסגעבראָכן די מגפה, אין וועלכער ס'זיינען אויסגע־שטאָרבן פיר און צוואַנציק טויזנט אידן, איז בלעם הרשע אַוועק מיט אַ פרייד קיין מדין, האָט צונויפגערופן אַלע פינף מלכים, וואָס האָבן דאָרטן געקיניגט, און ער האָט זיי געזאָגט:

— שילטן די אידן, ווי בלק האָט געוואָלט, האָב איך טאַקע ניט געקאָנט, אַזוי לאַנג ווי זייער גאָט האָט דאָס ניט געוואָלט. אָבער איך האָב געפונען אַ בעסערע קללה פאַר די אידן, אַז זייער גאָט אַליין זאָל זיי אויס'הרג'ענען!

— ווי אַזוי? — האָבן די מלכים געפרעגט.

— איך ווייס אויף זיכער, — האָט בלעם געענטפערט, — אַז כל־זמן די אידן וועלן זיך האַלטן ביי זייער רעליגיע און ביי זייער מאָראַל וועט זיי קיינער ניט קאָנען אומברייינגען אַלס פאָלק. איז דע־רום געווען די בעסטע עצה אַראָפּצופירן זיי פון גוטן וועג, כדי זיי זאָלן זיך אויסמישן מיט אַנדערע פעלקער. און דערפאַר האָב איך גע־הייסן, אַז אייערע טעכטער זאָלן מאַכן זינדיקן די אידן!...

— מיט וואָס קאָנען מיר דיר אָפּצאָלן, ליבער נביא? — האָבן די מלכים געפרעגט בלעמ'ען.

— איך וויל טויזנט זילבערשטיק פאַר איטלאַכן אידישן קאָפּ, וואָס איז יעצט געפאַלן אין דער גרויסער מגפה! — האָט בלעם גע־פאָדערט.

די מלכים האָבן געמאַכט אַ סעודה פאַר אים, און האָבן אים פאַר־האַלטן אַ שטיק צייט אין זייערע פּאַלאַצן.

און ווען פּינחס בן־אלעזר בן־אהרן הכהן איז אָנגעפאַלן מיט זיין אַרמיי אויף מדין, כדי צו נעמען נקמה פאַר די אומגעקומענע, איז בלעם געפאַלן טויט אינאיינעם מיט די פינף מלכים אין דער מלחמה.

און דערויף האָבן די חכמים געזאָגט דאָס ווערטל:

— דאָס קעמל איז געגאַנגען זוכן הערנער, האָט מען דעם די אויערן אויך אָפּגעשניטן!...

* * * *

2.

## משה׳ס געטריישאַפט

גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן:

— זיי זיך נוקם די אידנ׳ס נקמה פון די מדינים, — און נאָכדעם וועסטו שטאַרבן!

און ווען פּינחס איז געקומען צו די אידן מיט משה׳ס באַפעל צו גיין מלחמה האַלטן מיט מדין, האָבן די אידן צו אים געזאָגט:

— פּינחס, מיר האָבן געהערט, אַז גאָט האָט געזאָגט משה׳ן, אַז ער וועט שטאַרבן נאָך דער מלחמה מיט מדין, — איז ווילן מיר דערום ניט גיין מלחמה האַלטן, אַבי אונזער משה זאָל נאָך לעבן!...

איז פּינחס געקומען און האָט איבערגעגעבן משה׳ן דעם פאָלק׳ס ווערטער.

האָט משה זיך אויפגעהויבן און איז אַליין אַרויסגעקומען צום פאָלק און ער האָט זיי געבעטן:

— טוט וואָס גאָט וויל, און זאָל אייך זיין גוט! איר טאָרט ניט ווידערשפּעניקן גאָט׳ס באַפעל!

האָט דאָס פאָלק געענטפערט:

— אָבער, ליבער משה, דיין לעבן איז ביי אונז זייער טייער, און אויב מיר קאָנען עס פאַרלענגערן, ווילן מיר דאָס טאָן!

האָט משה געזאָגט צו זיי:

— וואָס איז דען מיין לעבן אַקעגן דעם לעבן פון דעם גאַנצן פאָלק? גלויבט מיר, אַז נאָר איין טאָג לעבן און זען אייך רוען אין שלום, איז ביי מיר בעסער ווי אַ גאַנץ יאָר לעבן און זען, חלילה, אַז איר זיינט אין אַ סכנה!...

* * * *

3.

## יאָגעניש נאָך רייכקייט

ווען די צוויי און אַ האַלב שבטים, ראובן, גד און האַלב שבט מנשה, זיינען געקומען צו משה'ן און אים געבעטן, אַז ער זאָל זיי געבן זייער נחלה פון דער זייט ירדן, אין מזרח זייט, האָבן זיי געזאָגט:

— מיר ווילן אויסבויען שאָפּעס פאַר אונזערע פי, און שטעט פאַר אונזערע קינדער!

אַז משה האָט געהערט זייערע ווערטער, האָט ער אַ טראַכט געטאָן:

אָט די דאָזיקע מענטשן האַלטן זייער פאַרמעגן טייערער פון זייערע אייגענע נפשות. ווייל פריער ווילן זיי באַשיצן זייער פי און ערשט נאָכדעם די קליינע קינדער.

און ער האָט געזאָגט צו זיי:

— גייט בויט אייך שטעט פאַר אייערע קליינע קינדער, און שאָפּעס פאַר אייערע שאָף! מאַכט ניט דעם "עיקר" (הויפּט זאַך, פּרינסיפּאַל טהינג) פאַר אַ "טפל" (מינדערווערטיקע זאַך, סעקאָנדערי

מעטמער) און דעם טפל פאַר אַן עיקר! וואָס איז רייכקייט אַקעגן קינדער? !...

האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן:

— זייער גוט האָסטו זיי געלערנט! זאָלן זיי זיך ניט יאָגן נאָך רייכקייט, ווייל דאָס איז נאַריש און פאַרברעכעריש! "יגיע כפיך כי תאכל, אשריך וטוב לך" — ווער עס עסט נאָר וואָס ער פאַרדינט מיט זיינע הענט, איז וואויל און גוט צו אים!...

* * * *

4.

## רייכע און אָרימע

"ומקנה רב היה"

פיל פי האָבן געהאַט די צוויי און אַ האַלב שבטים. זיי זיינען געווען רייכער פון אַלע זייערע ברידער פון די איבעריקע שבטים.

און דערפאַר האָבן זיי זיך באַטראַכט, אַז עס איז בעסער פאַר זיי צו אָפּטיילן זיך און זיך באַזעצן באַזונדער, אויסער דעם אידישן לאַנד.

די ניין און אַ האַלב שבטים, אָבער, וועלכע זיינען געווען אָרים, האָבן זיך געהאַלטן אינאיינעם, און זיי האָבן זיך באַזעצט אין אידישן לאַנד.

דער סוף איז געווען, אַז די רייכע, אָפּגעטיילטע ברידער, זיינען פאַרטריבן געוואָרן פריער פון אַלע אַנדערע שבטים.

דערויף האָט דוד המלך געזאָגט:

"מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד" — ווי גוט און ווי אָנגענעם איז פאַר ברידער צו זיצן אינאיינעם!...

און אַ פאָלקס-ווערטל זאָגט:

"רייכקייט צעשיידט; אָרימקייט פאַראייניקט!"...

* * * *

5.

## די פאַרלאָרענע צען שבטים

ווי מיר ווייסן פון דער תורה, זיינען געווען דרייצן אידישע שבטים, ווייל פון יוסף׳ן זיינען אַרויסגעקומען צוויי שבטים: אפרים און מנשה.

געציילט געוואָרן זיינען, אָבער, תמיד נאָר צוועלף שבטים, ווייל שבט לוי איז ניט גערעכנט געוואָרן. שבט לוי האָט ניט געהאַט קיין חלק און קיין נחלה אין ארץ ישראל. ער איז געווען צעשפּרייט צווישן אַלע שבטים אין די פאַרשידענע שטעט פון לאַנד און האָט זיך אָפּ־געגעבן נאָר מיט די רעליגיעזע ענינים פון פאָלק, און פלעגט קריגן דערפאַר תרומה און מעשר.

מיר, די היינטיקע אידן, רעכענען זיך, אָבער, בלויז פון צוויי שבטים: יהודה און בנימין, ווייל גאַנצע צען שבטים זיינען פאַר־לאָרן געוואָרן און מע ווייסט ניט וואו זיי זיינען אַהינגעקומען.

אַרום טויזנט יאָר פאַר דעם איצטיקן צייטרעכנונג, נאָך דעם טויט פון שלמה המלך, זיינען די צוועלף שבטים צעטיילט געוואָרן.

צוויי שבטים, יהודה און בנימין, זיינען געבליבן געטריי שלמה׳ס עלטסטן יורש, רחבעם, און האָבן אים דערקלערט אַלס דעם אידישן מלך.

און די איבעריקע צען שבטים, אונטער דעם איינפלוס פון שבט אפרים, האָבן רעוואָלטירט און זיך אויסגעקליבן אַן אייגענעם מלך, ירבעם.

און דאַמאָלט איז די גרויסע אידישע מלוכה, וועלכע האָט גע־הייסן "מלכות בית דוד", צעשפּאָלטן געוואָרן אויף צוויי מלוכות: רחבעם׳ס מלוכה, די קלענערע, האָט מען גערופן "מלכות יהודה", און ירבעם׳ס מלוכה, די גרעסערע, האָט מען גערופן "מלכות ישראל", אָדער די "עשרת השבטים" (צען שבטים).

נאָך דעמדאָזיקן צעשפּאַלטונג האָט צווישן "ישראל" און "יהודה" די שנאָה זיך נאָכמער פאַרשטאַרקט. זיי האָבן זיך געהאַסט פּונקט ווי צוויי פרעמדע פיינטליכע פעלקער.

וואָס אַמאָל שפּעטער האָט זיך איין טייל מער דערווייטערט פונם צווייטן. און אַפילו אין דעם רעליגיעזן לעבן האָבן זיי זיך געשאַפן אַנדערע מנהגים.

ירבעם האָט באַפוילן, אַז קיינער פון זיין מלוכה זאָל ניט וואַגן צו גיין קיין ירושלים צו דינען גאָט אין בית־המקדש. ער האָט דאָס פאָלק אַראָפּגעפירט פונם אַלטן אידישן גלויבן. ער האָט אַוועקגעשטעלט גאָלדענע קעלבער אין די צוויי גרויסע צענטערס פון צפון און דרום, אין בית־אל און אין דן, און ער האָט געהייסן די אידן צו דינען צו דעמזעלבן אָפּגאָט וואָס די מצרים האָבן געדינט (אָפּיס). ער האָט אויסגעבויט "במות" און האָט געהייסן מקריב זיין קרבנות אויף זיי צום אָפּגאָט.

און אָט אַזוי איז דאָס אידישע פאָלק געוואָרן ווי צוויי פעלקער. העכער צוויי הונדערט יאָר האָט זיך די "מלכות ישראל" געהאַלטן. ביז עס איז אָנגעפאַלן אויף איר דער מלך פון אַשור און האָט צעשטערט דידאָזיקע מלוכה, און די עשרת השבטים האָט ער פאַרטריבן אין גלות אַריין.

דאַמאָלט האָט זיך פאַרענדיקט די היסטאָריע פון יענע "צען שבטים". זיי זיינען אינגאַנצן פאַרלאָרן געוואָרן און קיינער ווייסט ניט וואָס פון זיי איז געוואָרן.

די חכמי התלמוד האָבן אַרויסגעזאָגט פאַרשיידענע מיינונגען וועגן דעם:

איינ‏יקע זאָגן, אַז אַ טייל פון די צען שבטים געפינען זיך פון יענער זייט טייך "סמבטיון" (אַ לעגענדאַרישער טייך), אַ טייל איז אין אַנטוכיאַ (אַ פאַרצייטיקער נאָמען פון אַ מלוכה), און אַ טייל זיינען אויסגעמישט געוואָרן צווישן אַנדערע פעלקער.

אַנדערע זאָגן, אַז ירמיהו הנביא האָט די צען שבטים צוריקגעבראַכט.

און גאָר אַנדערע זאָגן, אַז פון די צען שבטים איז קיין סימן ניט פאַרבליבן אין ערגיץ און זיי וועלן זיך קיינמאָל ניט אָפּזוכן.

אויך אַסך קריסטליכע און אידישע פאָרשער און היסטאָריקער האָבן געזוכט און געוואָלט אויסגעפינען עפּיס אַ סימן, אַ שפּור (טריים) פון די פאַרלאָרענע אידן אין אַלע עקן פון דער וועלט:

אייניקע האָבן אַזוינע סימנים געפונען אין כינע (טשאַינע, קיטאַי), אין יאַפּאַן, און זיי האָבן געזאָגט, אַז די צען שבטים האָבן זיך דאָרטן אויסגעמישט מיט דעם באַפעלקערונג.

אַנדערע האָבן געדרונגען, אַז די אינדיאַנער אין אַמעריקאַ קומען אַרויס פון יענע צען שבטים. מ'האָט דאָרטן אַפילו געפונען שטיי־נערנע טאָוולען מיט אַלטע העברעאישע צייכנס.

און גאָר אַנדערע האָבן דערוויזן, אַז די גאָר אַלטע זאַקסן פון אַזיע, וועלכע זיינען געקומען אַמאָל און זיך באַזעצט אין ענגלאַנד, קומען אַרויס פון די צען שבטים.

אָבער יענע אַלטע שפּורן זיינען זייער שוואַכע, און מ'קאָן זיי ניט נעמען ערנסט.

ריכטיקער פון אַלע שיינט צו זיין דאָס מיינונג פון אייניקע אידישע געלערנטע, אַז אַסך פון יענע צען שבטים האָבן זיך מיט יאָרן שפּעטער צוריקגעקערט אין לאַנד יהודה און האָבן זיך פאַר־אייניקט מיט זייערע ברידער פון די שבטים יהודה און בנימין, און די איבעריקע האָבן זיך אַסימילירט מיט אַנדערע פעלקער אין אַזיע.

די היסטאָריע לערנט אונז דערפון, אַז אויב אַ פאָלק וויל עקזיס־טירן, מוז עס זיין תמיד פאַראייניקט צווישן זיך!...

———:: ———

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש
(וועלכע מע באנוצט אין אידיש)

**ראשי המטות** (די עלטסטע פון די שבטים).

**תרבות אנשים חטאים** (קינדער פון זינדיקע מענטשן):
מ׳זאגט עס אויף א בינטל זינדיקע פארשוינען.

**והייתם נקיים מד׳ ומישראל** (און איר וועט זיין ריין פאר גאט און פאר ישראל):
אויך: "והייתם נקיים מד׳ ומאנשים" (איר זאלט זיין ריין פאר גאט און פאר מענטשן)!

**היוצא מפיכם תעשו** (וואס גייט ארויס פון אייער מויל זאלט איר טאן).

———:  :———

סדרה

# מסעי

(די ציאונגען)

## די וואַנדערונג - ערטער

דאָס זיינען די ציאונגען פון די בני־ישראל, ווען זיי זיינען אַרויס־געגאַנגען פון מצרים לויט זייערע מחנות, אונטער דער פירערשאַפט פון משה און אהרן, ווי גאָט האָט זיי באַפוילן.

און משה האָט פאַרשריבן זייערע אַרויסגאַנגען און זייערע ציאונגען.

אין פופצענטן טאָג פון ערשטן חודש, ניסן, אויף מאָרגן נאָכן קרבן פסח, זיינען די אידן אַרויסגעגאַנגען פריי מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט (ביד רמה) פאַר די אויגן פון גאַנץ מצרים. און די מצרים האָבן דאַמאָלט באַגראָבן אַלע בכורים, וואָס גאָט האָט געשלאָגן צווישן זיי, און אויך זייערע געטער האָט גאָט גע׳משפט.

און די בני־ישראל האָבן געצויגן פון **רעמסס** און זיי האָבן גערוט אין **סוכות**, און אין **איתם**. פון איתם האָבן זיי זיך צוריקגעקערט צו **פי החירות**, וואָס פאַר בעל־צפון, און האָבן גערוט פאַר **מגדול**.

און זיי האָבן געצויגן פון **פי החירות** און זיינען איבערגעגאַנגען דורכן ים צום מדבר, און געגאַנגען דריי טעג וועגס אין מדבר איתם, און גערוט אין **מרה**, און אין **אילים**. אין אילים האָבן זיי געפונען צוועלף קוואַלן וואַסער און זיבעציק טייטלבוימער, און האָבן דאָרטן גערוט.

און זיי האָבן געצויגן פון **אֵילִים** און האָבן גערוט ביים **ים-סוף**, און אין **מדבר סין**, און אין **דפקה**, און אין **אָלוש**, און אין **רפידים**. איז אין רפידים קיין וואַסער ניט געווען צום טרינקען.

און זיי האָבן געצויגן פון **רפידים** און גערוט אין **מדבר סיני**, און אין **קברות התאוה**, אין **חצרות**, אין **רתמה**, אין **רמון פרץ**, **לבנה**, **רסה**, **קהלתה**, **הר-שפר**, **חרדה**, **מקהלות**, **תחת**, **תרח**, **מתקה**, **חשמונה**, **מוסרות**, **בני-יעקן**, **חור-הגדגד**, **יטבתה**, **עברונה**, **עציון-גבר**, **קדש** (מדבר צין), **הור ההר**. אהרן איז דאָרט געשטאָרבן אויף גאָט'ס באַפעל, אויפן פערציקסטן יאָר נאָך יציאת מצרים, דעם ערשטן טאָג אין פינפטן חודש, הונדערט און דריי און צוואַנציק יאָר אַלט.

און זיי האָבן געצויגן פון **הור-ההר** און האָבן גערוט אין **צלמונה**, אין **פונון**, אין **אובות**, אין **עיי-העברים** (אין גרעניץ פון מואָב), אין **דיבון גד**, אין **עלמון דבלתימה**, אין **הרי-העברים** (פאַר נבו), און אין די **ערבות מואָב** (פלוינען פון מואָב), ביים ירדן, לעבן **ירחו**.

* * * *

## גאָט הייסט פאַרטיליקן די אָפּגעטער

און גאָט האָט גערעדט צו משה, אַז ער זאָל רעדן צו די אידן און זיי זאָגן:

— ווען איר וועט איבערגיין דעם ירדן קיין כנען, זאָלט איר פאַרטרייבן אַלע איינוואוינער פון לאַנד פאַר אייך, און איר זאָלט פאַרטיליקן אַלע זייערע בילדער און אַלע זייערע געגאָסענע אָפּגעטער און אַלע זייערע במות. און איר וועט דאַן ירש'ענען דאָס לאַנד און זיצן דאָרטן, ווייל צו אייך האָב איך עס אָוועקגעגעבן. און איר זאָלט דאָס לאַנד צוטיילן דורך אַ גורל לויט אייערע משפחות, צו אַ גרעסערער זאָלט איר געבן מער, און צו אַ קלענערער — ווייניקער.

אויב אָבער איר וועט ניט פאַרטרייבן די איינוואוינער פון לאַנד פאַר אייך, וועלן די וואָס איר וועט איבערלאָזן פון זיי, זיין דערנער אין אייערע אויגן און שטעכערס אין אייערע זייטן, און זיי וועלן אייך האַסן און מלחמה האַלטן איבער דעם לאַנד, וואָס איר זיצט אין דעם.

און עס וועט זיין, אַז דאָס וואָס איך האָב געטראַכט צו טאָן צו זיי וועל איך טאָן צו אייך!

* * * *

## די גרעניצן פון כנען (א״י)

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— באַפעל די אידן און זאָג זיי, אַז איר וועט אַריינקומען אין לאַנד כנען, דאָסדאָזיקע לאַנד וואָס וועט אייך פאַלן פאַר אַ נחלה, זאָלן אייך די גרעניצן זיין אַזוי:

פון דרום זייט (סאוט) — דער מדבר צין,

פון צפון זייט (נאָרד) — דער באַרג לבנון,

פון מערב זייט (וועסט) — דער ים התיכון (מיטללענדישער ים), און

פון מזרח זייט (איסט) — דער ירדן.

און משה האָט באַפוילן די בני־ישראל, אַזוי צו זאָגן:

— אָט דאָס איז דאָס לאַנד, וואָס איר וועט ירש׳ענען לויט אַ גורל, וואָס גאָט האָט באַפוילן צו געבן צו די ניין שבטים און דעם האַלבן שבט, וואָרים די צוויי און אַ האַלב שבטים, די בני־ראובן און די בני־גד און האַלב פון שבט מנשה, האָבן שוין געקריגן זייער נחלה פון דער זייט ירדן, לעבן ירחו.

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן, אַזוי צו זאָגן:

— אָט די זיינען די נעמען פון די מענטשן, וואָס זאָלן אייך מאַכן ירש׳ענען דאָס לאַנד: אלעזר הכהן און יהושע בן־נון, און צו איין פירשט פון יעדן שבט:

פון שבט יהודה — כלב בן־יפונה,
פון שבט שמעון — שמואל בן־עמיהוד,
פון שבט בנימין — אלידד בן־כסלון,
פון שבט דן — בוקי בן־יגלי,
פון שבט מנשה — חניאל בן־אפוד,
פון שבט אפרים — קמואל בן־שפטן,
פון שבט זבולון — אליצפן בן־פרנך,
פון שבט יששכר — פלטיאל בן־עזן,
פון שבט אָשר — אחיהוד בן־שלומי,
פון שבט נפתלי — פדהאל בן־עמיהוד.

* * * *

## שטעט פאַר די לויים

און גאָט האָט גערעדט צו משה'ן אין די פּלוינען פון מואָב, ביים ירדן, לעבן יריחו, אַזוי צו זאָגן:

— באַפעל די בני־ישראל, אַז זיי זאָלן געבן פון דער נחלה פון זייער אייגנטום פּלאַץ צו בויען שטעט פאַר די לויים, און אַ פרייען פּלאַץ פון צוויי טויזנט איילן אין אַלע פיר זייטן אַרום די שטעט (טויזנט איילן זאָלן בלייבן ליידיק פאַר שיינקייט, און די אַנדערע טויזנט איילן פאַר גערטנער און סעדער). וועלן די שטעט זיין צום וואוינען און די פרייע פּלעצער וועלן זיין פאַר זייער פי, און פאַר זייער פאַרמעגן, און פאַר אַלע זייערע באַדערפעענישן.

און די שטעט, וואָס איר וועט געבן צו די לויים, זאָלן זיין זעקס שטעט פאַר אַנטרינונג (ערי מקלט), וואוהין איר זאָלט לאָזן אַנט־לויפן אַ רוצח, וואָס הרג'עט אַ מענטשן אומגערן; און צו די זעקס שטעט זאָלט איר צוגעבן נאָך צוויי און־פערציק שטעט, — אַלע אינאיינעם: אַכט און פערציק שטעט.

(אַלע אַכט און פערציק שטעט פון די לויים זיינען געווען ערי מקלט, וואוהין אַ רוצח, וואָס איז געווען אומשולדיג, האָט געקאָנט אַנטלויפן, כדי דער "גואל הדם", דער קרוב פון געטויטן זאָל אים ניט הרג'ענען. דער חלוק איז נאָר געווען אין דעם: אין יענע זעקס שטעט, אין די דריי פון יענער זייט ירדן, אין מזרח זייט, און די דריי אין כנען, האָט מען געמוזט אַריינלאָזן דעם רוצח און אים אויס־האַלטן אומזיסט, ביז דער כהן גדול איז געשטאָרבן, און דאַמאָלט האָט ער זיך געמעגט אומקערן אַהיים; אָבער אין די איבעריקע צוויי און פערציק שטעט פון די לויים האָבן די זקנים פון שטאָט גע־קאָנט טאָן ווי זיי האָבן געוואָלט, און דער אַנטלאָפענער רוצח האָט דאָרטן געמוזט צאָלן פאַר זיין אויפהאַלטונג).

און דאָס זאָל זיין צו אייך פאַר אַן אייביקן געזעץ אין אַלע אייערע וואוינערטער: ווער עס דער'הרג'עט אַ מענטשן, זאָל ער (דער רוצח) געטויט ווערן נאָר לויטן עדות פון צוויי מענטשן. איין עדות איז ניט גענוג צו פאַר'משפט'ן אַ מענטשן צום טויט. און איר זאָלט ניט נעמען קיין אויסלייזגעלט פאַר אַ רוצח, וואָס איז פאַרשולדיגט צום טויט. און איר זאָלט אויך ניט נעמען קיין אויסלייזגעלט פאַר דעם וואָס איז אַנטלאָפן אין זיין עיר מקלט, אַז ער זאָל זיך קאָנען אומקערן אַהיים איידער דער כהן שטאַרבט. און איר זאָלט ניט זינדיק מאַכן דאָס לאַנד, וואָס איר זיצט דאָרטן, וואָרים בלוט מאַכט זינדיק דאָס לאַנד. און דעם לאַנד וועט ניט פאַרגעבן ווערן דאָס בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן דאָרטן, סיידן נאָר מיט דעם בלוט פון דעם, וואָס האָט עס פאַרגאָסן.

**און איר זאָלט ניט פאַראומריייניקן דאָס לאַנד, וואו איר זיצט, וואָרים איך, גאָט, רו צווישן די בני־ישראל!**

* * * *

# די טענה פון די בני-מנשה

און עס האָבן גענענט די עלטסטע פון די פאָטערהייזער פון דער משפחה בני-גלעד פון שבט מנשה (פון דעם האַלבן שבט מנשה, וואָס האָט באַדאַרפט נעמען זיין חלק נחלה אין כנען), און זיי האָבן גערעדט פאַר משה'ן און פאַר די פירשטן:

— גאָט האָט באַפוילן מיין האַר צו צוטיילן דאָס לאַנד לויט גורל צו די בני-ישראל. און מיין האַר איז אויך באַפוילן געוואָרן אָוועקצוגעבן דעם חלק נחלה פון אונזער ברודער צלפחד'ן צו זיינע טעכטער. און איצט אַז די טעכטער וועלן חתונה האָבן מיט זין פון אַנדערע שבטים, וועלן די נחלות פון יענע שבטים גרעסער ווערן דורך זייערע פרויען, און אונזער נחלה וועט געמינערט ווערן פון אונזער שבט. און אפילו ווען עס וועט קומען יובל, וועלן זיך אויך די נחלות פון די טעכטער פון צלפחד ניט אומקערן צוריק צו אונזער שבט (ווייל נאָר די נחלות, וואָס ווערן פאַרקויפט קערן זיך אום צוריק, אָבער ירושה-נחלות קערן זיך קיינמאָל ניט אום).

האָט משה באַפוילן צו די אידן אין גאָט'ס נאָמען:

— ריכטיק רעדן די קינדער פון יוסף'ס שבט (שבט מנשה). אַזוי באַפעלט גאָט צו די טעכטער פון צלפחד: זיי מעגן חתונה האָבן מיט וועמען עס איז געפעלן אין זייערע אויגן, אָבער נאָר מיט מענער פון זייער פאָטער'ס שבט. און קיין נחלה זאָל ניט איבערגיין פון איין שבט צום צווייטן, נאָר איין שבט פון זייערע עלטערן זאָלן זיך די בני-ישראל באַהעפטן!

און די טעכטער פון צלפחד האָבן געטאָן אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן משה'ן. אַלע פינף טעכטער האָבן חתונה געהאַט מיט די זין פון זייערע פעטערס פון שבט מנשה בן-יוסף.

דאָס זיינען די געזעצן, וואָס גאָט האָט אָנגעזאָגט די אידן דורך משה'ן אין די פלוינען פון מואָב, ביים ירדן, לעבן יריחו.

———::———

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## דאָס צעטל פון די ציאונגען

גאָט האָט באַפוילן משה'ן צו פאַרשרייבן פּינקטלעך די נעמען פון אַלע ערטער, וואו די אידן האָבן גערוט, מיט אַ צווייענדיקער כוונה:

ערשטענס, מ'זאָל ניט דענקען, אַז די אידן האָבן געהאַלטן אין איין אַרומוואַנדערן אַלע פערציק יאָר, און זיי האָבן גאָר קיין מנוחה ניט געהאַט.

אינגאַנצן זיינען פאַראַן צוויי און פערציק ערטער, וואו זיי האָבן געצויגן. זיינען פערצן ציאונגען פאָרגעקומען אין ערשטן יאָר (נאָך איידער גאָט האָט גוזר געווען, אַז זיי זאָלן וואַנדערן פערציק יאָר), אַכט ציאונגען זיינען פאָרגעקומען אין לעצטן יאָר, קומט אויס, אַז אין אַ משך פון אַכט־און־דרייסיק יאָר האָבן זיי דורכגעמאַכט ניט מער ווי צוואַנציק ציאונגען.

צווייטנס, גיבן די חכמים דערויף אַזאַ משל:

אַ קעניג האָט אַמאָל געהאַט אַ קראַנקען זון, און ער האָט אים אַרומגעפירט פון איין לאַנד אין צווייטן, כדי צו בייטן דעם קלימאַט צוליב זיין געזונט.

און נאָכדעם, ווען דער זון איז געזונט געוואָרן, האָט דער קעניג געזאָגט צו אים:

— נעם, מיין זון, און פאַרשרייב אין דיין טאָגבוך די נעמען פון אַלע ערטער, וואו איך בין מיט דיר אויסגעפאָרן, און פאַרצייכן אַלץ וואָס דאָרטן האָט מיט דיר פּאַסירט!

אַט אַזוי האָט גאָט אויך באַפוילן משה׳ן, ווען די אידן האָבן גע־ענדיקט זייער וואַנדערונג:

— פאַרשרייב אַלע ציאונגען, וואָס איך האָב געצויגן מיט די אידן פאַר דער גאַנצער צייט, און זאָל דאָס זיין אַן אָנדענק אויף אייביק!

* * * *

2.

## די אידן און ארץ ישראל

די חכמים האָבן געפרעגט, פאַרוואָס האָט גאָט אויסגעקליבן ארץ ישראל (כנען) פאַר די אידן, און ניט קיין אַנדער לאַנד. און זיי האָבן דערויף געגעבן אַ משל:

עס איז פאַראַן אַמאָל אַ שיינער מענטש, און ער גייט אָנגעטאָן אין מיאוסע קליידער — פאַר׳מיאוס׳ן די קליידער דעם מענטשן.

עס איז פאַראַן אַמאָל אַ מיאוסער מענטש, און ער גייט אָנגעטאָן אין שיינע קליידער — פאַר׳מיאוס׳ט דער מענטש די קליידער.

דערפאַר דאַרף יעדערער גיין געקליידט ווי אים פאַסט.

און דערום האָט גאָט אויסגעקליבן ארץ ישראל פאַר די אידן, ווייל זיי פאַסן זיך איינס צום צווייטן זייער גוט.

די אידן זיינען שיין מיט זייערע מדות, און ארץ ישראל איז שיין מיט איר נאַטור. האָט גאָט אַריינגעבראַכט זיין שיין פאָלק אין זיין שיינעם לאַנד.

און דערויף האָט דוד המלך געזונגען אין תהלים:

"חבלים נפלו לי בנעימים, אף נחלת שפרה עלי" — אַ טייערער זיסער גורל איז מיר געפאַלן, אויך די נחלה איז שיין און פאַסט צו מיר!

3.

# ארץ ישראל מאַכט קלוג

רבי זירא האָט געזאָגט:

— אַוירא דארץ-ישראל מחכים! — דאָס הייסט, אַז די לופט פון ארץ-ישראל מאַכט קלוג.

און רב הונאַ האָט דערציילט פון רבי יוסי'ם וועגן אַזוי:

— אומעטום, וואו נאָר איינער פון די בני-ירושלים פלעגט אָנקומען ערגיץ אין אַ מדינה, האָט מען אים דאָרטן באַלד פאָרגעלעגט אַ "קתדראָ" (אַ לערער-שטול אין אַ שולע פון הויכן בילדונג), כדי זיי זאָלן הערן זיין חכמה!

* * * *

4.

# קלוגע ענטפערס און איינפאַלן

## א.

## דער יורש

איינער אַ רייכער מאַן פון ירושלים איז אַוועקגעפאָרן אין אַ ווייטער מדינה וועגן זיינע מסחרים (געשעפטן, ביזנעס), און ער איז דאָרטן קראַנק געוואָרן.

ווען דער מאַן איז געוואָר געוואָרן, אַז זיין צושטאַנד איז זייער געפערלאַך און ער האַלט ביים שטאַרבן, האָט ער צוגערופן דעם בעל-אַכסניאָ (האָטעל קיפּער) צו זיין בעט, האָט אים איבערגעגעבן דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט ביי זיך געהאַט אין מזומן (קעש), און אויך אַ צעטל (ליסט) פון אַלע סחורות (וואַרעס), וואָס ער האָט געהאַט איינגעקויפט, און ער האָט צו אים געזאָגט אַזוי:

— איך בעט דיך, מיין פריינט, צו האַלטן מיין פאַרמעגן ביי זיך ביז עס וועט קומען מיין איינציקער יורש צו פאָדערן עס פון דיר!

האָט דער בעל־אַכסניאַ געפרעגט:

— ווי אַזוי וועל איך וויסן, אַז דער וואָס וועט קומען פאָדערן, איז דער ריכטיקער יורש דיינער?

האָט דער מאַן אים געזאָגט:

— דער יונגערמאַן, וואָס וועט קומען פאָדערן מיין פאַרמעגן, מוז דיר פריער ווייזן דריי קלוגע איינפאַלן (טריקס, אויפטועז) אחוץ די פאַפירן און דאָקומענטן, וואָס ער וועט מיט זיך מיטברענגען צו דערווייזן זיין רעכט.

אין אַ צייט אַרום נאָך דעם מאַנ'ס טויט איז אָנגעקומען פון ירושלים אין יענער שטאָט אריין דער איינציקער יורש זיינער. דער זון האָט געוואוסט דעם נאָמען פון דעם בעל־אַכסניאַ, ביי וועמען דער פאָטער זיינער פלעגט תמיד איינשטייען, אָבער וואו דער האָטעל געפינט זיך האָט ער נים געוואוסט.

אין יענער שטאָט איז געווען אַזאַ איינפיר, אַז קיינער האָט נים געטאָרט אָנווייזן קיין פרעמדן מענטשן די וואוינונגען פון די בעלי־בתים. איז דער יורש פון ירושלים אַרומגעגאַנגען אין די גאַסן און געפרעגט וואו דער האָטעל געפינט זיך, און קיינער האָט אים נים געוואָלט זאָגן.

איז דער ירושלים'ער יונגערמאַן געפאַלן אויף אַנ'עצה ווי אַזוי אַליין אויסצוגעפינען די אַכסניאַ (האָטעל).

גייענדיק אין מאַרק, האָט ער דערזען ווי איינער שטייט מיט אַ וואָגן האָלץ צו פאַרקויפן. איז ער צוגעקומען צו אים און געפרעגט:

— וויפיל ווילסטו פאַר דעם וואָגן האָלץ?

האָט אים יענער געזאָגט די פרייז, און דער יונגערמאַן האָט זיך נים געדונגען (טו באַרגיין), האָט באַצאָלט דאָס געלט און גע־זאָגט:

— איצט פיר מיר צו דאָס האָלץ צו יענעם מאַן, וואָס האַלט די אַכסניאַ!

דער האָלץ־פּאַרקויפער האָט זיך געלאָזט פאָרן מיטן וואָגן האָלץ, און דער פרעמדער ירושלים׳ער יונגערמאַן איז אים נאָכגעגאַנגען פון הינטן.

צוגעקומען נאָהענט צו דער אַכסניאָ, טוט דער פאַרקויפער אַ קלאַפּ אין טויער און שרייט אויס:

— העי, בעל־אַכסניאָ! איך האָב דיר געבראַכט האָלץ, ווייז מיר וואו איך זאָל עס אָפּלעגן!

דער בעל־אַכסניאָ איז אַרויס פון הויז און איז געבליבן שטיין אַ פאַרוואונדערטער.

— וואָס שטייסטו און קוקסט? — מאַכט צו אים דער האָלץ־פאַרקויפער — דאָס האָלץ איז דאָך דיינס, נעם עס דיר צו!

— וואָס הייסט דאָס האָלץ איז מיינס? — פרעגט דער בעל־אַכסניאָ — ווער האָט עס דען ביי דיר געקויפט און געהייסן ברענגען אהער?

— אָט דערדאָזיקער יונגערמאַן, וואָס שטייט דאָ, האָט פאַר דעם האָלץ באַצאָלט און געהייסן מיר ברענגען אַהער צו דיר! — ווייזט אָן דער פאַרקויפער.

אַז דער בעל־אַכסניאָ האָט געזען, וואָס פאַר אַ קלוגן איינפאַל דער יונגערמאַן האָט באַנוצט אויסצוגעפינען דעם האָטעל, האָט ער אים אָפּגעגעבן שלום און אים פאַרבעטן צו זיך אין הויז אַריין.

האָט דער יונגערמאַן געזאָגט:

— איך בין געקומען פון ירושלים אָפּצונעמען די ירושה פון מיין פאָטער, וואָס ער האָט ביי דיר איבערגעלאָזט, ווייל ער האָט תמיד געהאַט צו דיר גרויס צוטרוי!

האָט דער בעל־אַכסניאָ געענטפערט:

— אמת, דיין פאָטער האָט זיין פאַרמעגן געלאָזט ביי מיר, און עס פרייט מיך צו זען זיין איינציקן יורש, וואָרים מיר זיינען שטענדיק געווען גוטע פריינט, און דערום וויל איך, אַז דו זאָלסט ביי מיר

פאַרברענגען אַ פּאָר טעג, ווייל דו ביזט אויך זייער אַ חשוב'ער (אָנגעלעגטער, וועלקאָם) גאַסט ביי מיר.

דער בעל־אַכסניאָ האָט געמאַכט צוליב'ן גאַסט אַ שיינע סעודה. און ווען די באַדינער האָבן דערלאַנגט צום טיש פינף געבראָטענע טייבעלאַך, האָט דער בעל־הבית צוגערוקט די טייבעלאַך צו גאַסט און געזאָגט:

— ביי אונז זיינען מיר זיך נוהג (מיר פירן זיך) צו מכבד זיין (טו האָנאָר) דעם גאַסט מיטן אויסטיילן די פּאָרציעס ביים טיש!

דער יונגערמאַן האָט ניט געקאָנט אָפּזאָגן און ער האָט גע־נומען און איינגעטיילט די טייבעלאַך אויף דעם פאָלגענדן אופן:

פאַרן בעל־הבית מיט זיין פרוי האָט ער געגעבן איין טייבעלע. פאַר די צוויי זין — אויך איין טייבעלע. פאַר די צוויי טעכטער — אויך איין טייבעלע. און פאַר זיך אַליין האָט ער גענומען צוויי טייבעלאַך.

דער בעל־הבית האָט זיך איבערגעקוקט מיט זיינע בני־בית ביים טיש, אָבער ער האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט וועגן דעם, אוים רעס־פּעקט צום גאַסט.

אַז עס איז געקומען צו דער אָוונט־סעודה (וועטשערע, סאַפּער), האָט מען צום טיש דערלאַנגט אַ געפּילטע הון און דער בעל־הבית האָט ווידער געגעבן דעם כבוד (עהרע, האָנאָר) צום גאַסט איינצו־טיילן די פּאָרציעס פאַר אַלעמען.

האָט דער גאַסט גענומען און צעשניטן די הון און איינגעטיילט זי אַזוי:

דעם בעל־הבית האָט ער געגעבן דעם קאָפּ מיטן אויבערשטן טייל. דער פרוי האָט ער געגעבן דעם אינעווייניקסטן טייל. צו די צוויי זין — די צוויי פיסלאַך (לעגס). צו די צוויי טעכטער — די צוויי פליגלען. און פאַר זיך אַליין האָט ער גענומען דעם רוקן (ספיין), דעם גרעסטן טייל.

דער בעל־הבית האָט זיך ווידער איבערגעקוקט מיט זיין הויז־

געזינגט, און ער האָט ווידער גאַרניט דערמאָנט וועגן דעם.

אויפֿן דריטן טאָג, ווען דער גאַסט איז שוין געוואָרן היימישער אין הויז, האָט אים דער בעל־אַכסניאַ אַוועקגענומען אויף אַ זייט און האָט אים געפֿרעגט:

— מ׳דערציילט וועגן די ירושלים׳ער, אַז זיי זיינען קלוגע. קאָנסטו מיר זאָגן, פֿאַרוואָס דו האָסט אַזוי געטיילט ביים טיש? איז דען דאָס דער דרך־ארץ (גוד מעננערס, פּאָליטנעס) צו נעמען זיך אין אַ פֿרעמד הויז די גרעסטע חלקים ביים טיש?!...

האָט אים דער יונגערמאַן געענטפֿערט:

— דאָס צעטיילונג פֿון די טייבעלאַך איז געווען מיט אַ כוונה, אַז אַלע ביים טיש זאָלן זיין אין אַ גלייכער צאָל! דיר מיט דיין פֿרוי האָב איך געגעבן איין טייבעלע, איז געוואָרן דריי. דיינע צוויי זין — איין טייבעלע, איז ווידער דריי. דיינע צוויי טעכטער — איין טייבעלע, ווידער דריי. און איך בין געווען איינער אַליין, האָב איך גענומען פֿאַר זיך צוויי טייבעלאַך, כדי מיר זאָלן אויך זיין דריי!

— זייער קלוג! — זאָגט דער בעל־הבית — און וואָס איז מיט דער הון?

— אויך מיטן צעטיילונג פֿון דער הון האָב איך געהאַט אַ כוונה! — זאָגט דער ירושלים׳ער — דיר האָב איך געגעבן דעם קאָפּ מיטן אייבערשטן טייל ווייל דו ביזט דער קאָפּ פֿון דיין הויז. דיין פֿרוי — דעם אינעווייניקסטן טייל, ווייל פֿון איר בויך קומען אַרויס אַלע קינדער פֿון דיין הויז. דיינע צוויי זין — די פֿיסלאַך, ווייל זיי זיינען די קומענדיקע זיילן פֿון דיין הויז. דיינע צוויי טעכטער — די פֿליגלען, ווייל זיי וועלן שפּעטער אַוועקפֿליען פֿון דיין הויז. און זיך האָב איך גענומען דעם רוקן־טייל פֿון דער הון, ווייל ער קוקט אויס ווי אַ שיף, און אַזוי ווי איך בין אַהער געקומען מיט אַ שיף, וועל איך באַלד מיט אַ שיף אַוועקפֿאָרן פֿון דיין הויז.

דער בעל־אַכסניאַ איז געווען זייער צופֿרידן און האָט געזאָגט:

— וויסן זאָלסטו, אַז דיין פֿאָטער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז זיין

יורש מוז מיר ווייזן דריי קלוגע איינפאַלן, אַנדערש זאָל איך זיין פאַרמעגן ניט אָפּגעבן. איצט האָסטו מיר דערוויזן נאָכמער וויפיל איך האָב דערוואַרט פון דיר!

---

ב.

## ביליג און אַסך

אַ גריכישער חכם פון אַטהען האָט אַמאָל שפּאַצירנדיק אין ירושלים צוגערופן אַ אינגל און האָט אים געזאָגט:

— איך בין אַ פרעמדער מענטש דאָ און ווייס ניט וואו עפּיס צו קויפן, נאַדיר אַ מטבע (אַ קאָין) און גיי קויף מיר אַזאַ מאַכל, אַז איך זאָל עסן וויפיל איך וויל, און ס'זאָל מיר נאָך בלייבן אויף שפּע-טער!

דאָס אינגל האָט באַטראַכט דעם גריך און האָט פאַרשטאַנען, אַז יענער טרייבט מיט אים שפּאַס, איז ער אַוועק אין מאַרק אַריין און איינגעקויפט פאַר דער מטבע אַ טעפּל זאַלץ.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מאַכל, וואָס דו האָסט מיר געבראַכט? — האָט דער גריכישער חכם אים געפרעגט.

האָט דאָס אינגל אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט:

— איך האָב דיר געבראַכט דאָס וואָס דו האָסט געוואָלט. פון דעמדאָזיקן מאַכל וועסטו קאָנען עסן וויפיל דו וועסט וועלן, און ס'וועט דיר נאָך איבערבלייבן אויף שפּעטער!...

---

ג.

## אַ פראַגע פאַר אַ פראַגע

אַ גריכישער חכם האָט אַמאָל געשיקט אַ ירושלים'ער אינגל, אַז ער זאָל פאַר אים קויפן אייער און קעז.

דאָס אינגל איז אַוועק און האָט געקויפט, וואָס דער מאַן האָט אים געבעטן.

ווען ער איז געקומען, פרעגט אים דער חכם:

— זאָג מיר, טייער אינגל, וואָסער קעז קומט פון ווייסער ציגן־מילך און וואָסערער — פון שוואַרצער ציגן־מילך?...

האָט דאָס אינגל אים געפרעגט צוריק:

— זאָג מיר דו פריער, ליבער האַר, וואָסער איי קומט פון אַ ווייסער הון און וואָסערס — פון אַ שוואַרצער הון?...

---

ד.

## אַ בקשה פאַר אַ בקשה

אַ גרויסער חכם איז אַמאָל געגאַנגען אין ירושלים און האָט געפונען אין גאַס אַ צעבראָכן שטייסל (מאָרטאַר, מערזשער), האָט ער עס אויפגעהויבן און געבראַכט צו אַ שניידער און געזאָגט:

— כ'האָב צו דיר אַ בקשה: ניי מיר צונויף אָט דאָסדאָזיקע צעבראָכענע שטייסל, און איך וועל דיר באַצאָלן פאַר דיין אַרבייט וויפיל דו וועסט וועלן!

האָט דער שניידער קיין סך ניט געטראַכט, האָט אָנגענומען זאַמד אין די הענט און דערלאַנגט דעם חכם און געזאָגט:

— כ'האָב צו דיר אויך אַ בקשה: נעם און פלעכט מיר אויס

(טוויסט) אַ פאָדעם פון אָט דער זאַמד, וועל איך דיר באַלד צונויפ־נייען דיין צעבראָכן שטייסל!...

---

ה.

## צען פראַגעס פון אַלעקסאַנדער מוקדון

דער אַמאָליקער וועלט־הערשער, אַלעקסאַנדער מוקדון האָט געפרעגט די חכמים צען פראַגעס, און ער האָט זיי צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיי ניט באַשטראָפן אפילו פאַר דעם שאַרפסטן ענטפער.

די ערשטע פראַגע איז געווען:

— וואָס איז ווייטער, דער הימל פון דער ערד, אָדער מזרח פון מערב?

האָבן די חכמים געענטפערט:

— דער מזרח פון מערב איז ווייטער! אַ ראיה: ווען די זון איז אין מזרח אָדער אין מערב קאָן מען קוקן אויף איר, אָבער ווען זי שטייט אין מיטן הימל, קאָנען מיר אויף איר ניט קוקן, ווייל ס׳איז נענטער צו דער ערד און איר שיין איז שאַרפער.

די צווייטע פראַגע:

— וואָס איז פריער באַשאַפן געוואָרן, דער הימל אָדער די ערד?

האָבן די חכמים געענטפערט:

— דער הימל איז באַשאַפן געוואָרן **פריער!**

די דריטע פראַגע:

— וואָס איז פריער באַשאַפן געוואָרן, דאָס ליכטיגקייט אָדער דאָס פינצטערניש?

דער ענטפער איז געווען:

— דאָס קאָן מען ניט דערקלערן!

די פירטע פראַגע:

— ווער איז אַ חכם?

דער ענטפער איז געווען:

— דער וואָס זעט פאָראויס, וואָס שפּעטער קאָן זיין דער סוף פון דער זאַך וואָס ער טוט! (איזהו חכם? הרואה את הנולד!)

די פינפטע פראַגע:

— ווער איז אַ גבור?

דער ענטפער איז געווען:

— דער וואָס קאָן באַהערשן זיין ווילן! (איזהו גבור? הכובש את יצרו!)

די זעקסטע פראַגע:

— ווער איז אַ רייכער?

דער ענטפער איז געווען:

— דער וואָס איז צופרידן מיט דעם וואָס ער פאַרמאָגט! (איזהו עשיר? השמח בחלקו!)

די זיבעטע פראַגע:

— וואָס זאָל טאָן אַ מענטש, כדי ער זאָל לעבן לאַנג?

דער ענטפער איז געווען:

— ער זאָל זיך טויטן! (ער זאָל אָפּטייטן דעם ווילן צו איבעריקע פאַרגעניגנס און תאוות).

די אַכטע פראַגע:

— וואָס זאָל טאָן אַ מענטש, כדי ער זאָל שטאַרבן?

דער ענטפער איז געווען:

— ער זאָל לעבן! (ער זאָל גלוסטן אַסך און לעבן אין פאַרגעניגנס — התאווה מוציאה את האָדם מן העולם!).

די ניינטע פראַגע:

— ווי אַזוי קאָן אַ מענטש ווערן באַליבט ביים פאָלק?

דער ענטפער איז געווען:

— ער זאָל פיינט האָבן די רעגירונג און אַנרייצן אַלעמען אַקעגן דעם הערשער!

די צענטע פראַגע:

— וואו איז בעסער צו וואוינען, אויפן ים אָדער אויף דער יבשה?

דער ענטפער איז געווען:

— אויף דער יבשה: ווייל דאָרטן איז מען רוהיקער!

אַלעקסאַנדער מוקדון איז געווען זייער צופרידן און האָט די חכמים געשענקט מתנות.

---

ז.

## אַ פראַגע וועגן געצנדינסט

אַלעקסאַנדער מוקדון האָט געפרעגט די אידישע חכמים:

— פאַרוואָס ווילט איר ניט אָננעמען אונזער גלויבן? איר זעט דאָך, אַז מיר האָבן די מאַכט (פאַוער) און געוועלטיקן איבער אייך!

האָבן אים די חכמים געענטפערט:

— עס איז גאָר קיין באַווייז ניט, אַז יענער וואָס האָט די מאַכט, איז דער גערעכטער! אָט האָט דער "שטן" אויך די מאַכט איבער די מענטשן און געוועלטיקט איבער זיי, און דאָך ווייסן מיר אַלע, אַז ער איז דער ערגסטער!...

---

ז.

## נאָך אַ פראַגע וועגן געצנדינסט

אַ געצנדינער האָט געפרעגט אַ אידישן חכם:

— אויב אייער גאָט איז אַזוי גרויס ווי איר זאָגט, צו וואָס האָט ער באַדאַרפט אָנזאָגן אין דער תורה, אַז איר זאָלט צעשטערן די אָפּגעטער? פאַרוואָס צעשטערט ער זיי ניט אַליין?

האָט דער חכם אים געענטפערט:

— גאָט האָט אונז געהייסן צוצעשטערן נאָר יענע אָפּגעטער אין וועלכע מיר נויטיקן זיך ניט. ער וועט אָבער ניט נעמען און צע־שטערן די זון, און די לבנה, און די שטערן, הגם די שוטים האַלטן זיי פאַר געטער!

אָט וועל איך דיר געבן אַ משל:

איינער האָט גע׳גנב׳עט אַ מעסטל ווייץ און האָט פאַרזייט זיין שטיקל פעלד. איז דערפאַר זאָל גאָט מאַכן, אַז די ערד זאָל פון אָט דעם ווייץ קיין תבואה ניט אַרויסגעבן, ווייל דער ווייץ איז גע׳גנב־עט? — אַוודאי ניט! די נאַטור טוט זיך איר זאַך!

אַזוי איז דאָ אויך:

די וועלט פירט זיך ווי גאָט האָט זי באַשאַפן. דער קלוגער וואָס מאַכט זי נאָך בעסער, קריגט זיין שכר (לוין, ריוואָרד); און דער נאַר וואָס מאַכט זי ערגער, קריגט זיין שטראָף!

---

ח.

## אַ נס מיט אַן אָפּגאָט...

אַ געצנדינער האָט אַמאָל געזאָגט צו רבי גמליאל׳ן:

איר, אידן, זאָגט, אַז אונזערע אָפּגעטער זיינען גאָרנישט, אָט

וועל איך דיר דערציילן אַ נס וואָס ביי אונז אין שטאָט איז געשען מיט אַן אָפּגאָט. ניט לאַנג צוריק האָט אויסגעבראָכן אַ שרפה (פייער), און ווייל ס'איז דאַמאָלט געווען אַ שטאַרקער ווינט, איז די גאַנצע שטאָט אָפּגעברענט געוואָרן, נאָר אונזער קירך, וואו דער אָפּגאָט געפינט זיך, איז געבליבן ניט באַרירט פונם פייער! וואָס וועסטו דערויף זאָגן?

האָט רבי גמליאל אים גלייך געענטפערט:

איך וועל דיר דאָס דערקלערן מיט אַ משל: אַ פאָלק האָט זיך אַמאָל פאַרזינדיקט אַקעגן זיין קעניג, און דער קעניג האָט דאָס גאַנצע פאָלק באַשטראָפט. איז וועמען, דענקסטו, האָט ער באַשטראָפט — די לעבעדיקע אָדער די טויטע? אַוודאי האָט ער באַשטראָפט נאָר די לעבעדיקע, און די טויטע האָט ער אַפילו ניט אָנגערירט!...

---

ט.

## נאָך אַ נס מיט אַן אָפּגאָט

איינער איז אַמאָל געקומען צו רבי עקיבאָ'ן און האָט אים געפרעגט:

איך האָב אַליין געזען אַ נס, וואָס האָט געטראָפן אין אַ קירך פון אַן אָפּגאָט. אַ געליימטער מענטש איז אַריינגעקומען אַהין צו בעטן, און ער איז אַרויסגעקומען צוריק אַן אויסגעהיילטער! קאָנסטו מיר זאָגן, ווי אַזוי דאָס איז געשען?

האָט רבי עקיבאָ אַ טראַכט געטאָן און געענטפערט:

איך וועל דיר דערויף געבן אַ משל: אין אַ שטאָט איז געווען אַ רייכער באַנקיר, אַן אָרנטליכער מענטש, און אַלע איינוואוינער פון שטאָט פלעגן אים געטרויען זייערע אָפּגעשפּאָרטע געלטן. נאָר איינער איז געווען דאָרטן אַ שוטה, וואָס האָט מורא געהאַט צו געבן

זיין געלט צום באנקיר אָן עדות. און ווען נאָר ער פלעגט צו אים ברייינגען זיין געלט, פלעגט ער אויך מיטברייינגען צוויי מענטשן, זיי זאָלן זיין עדות דערויף.

האָט זיך איינמאָל געטראָפן, און דער נאר האָט געבראַכט געלט אָן עדות. ווען דעם באַנקיר'ס פרוי האָט דאָס דערזען, האָט זי גע־זאָגט צו איר מאַן:

— איצט קאָנסטו אים אָנלערנען פאַר זיין נאַרישקייט, וואָס ער וויל דיר קיינמאָל ניט געטרויען אָן עדות! איצט קאָנסטו לייקענען (טו דינאַי), אַז דו ביזט אים שולדיק געלט!...

האָט דער באַנקיר געענטפערט זיין פרוי:

— דערפאַר וואָס יענער איז אַ נאַר, זאָל איך אויך טאָן אַ נאַרישקייט? מיין נאָמען איז ריין ביז איצט, און איך וועל אים קיינמאָל ניט פאַרשמירן!...

און דאָסדאָזיקע איז אויך מיט יענעם "נס", וואָס דו דערציילסט:

עס זיינען פאַראַן אין דער נאַטור אַזוינע קראַנקהייטן, וואָס נאָר די צייט קאָן זיי אויסהיילן. זיי געדויערן אַ געוויסע צייט ביז זיי שטייען זיך אויס, און דער קראַנקער ווערט פון זיי גענעזן (ריקאָווערד, קיורד) פון זיך אַליין.

באַפאַלט אַמאָל אַזאַ קראַנקהייט איינעם אַ נאַר, וואָס איז אַ געצנדינער, און יענער גייט אַלעמאָל צום אָפּגאָט בעטן. און גראַד שטייט זיך די קראַנקהייט אויס, און ס'טרעפט, אַז ער ווערט אויס־געהיילט פונקט ווען ער געפינט זיך אין דער קירך פונם אָפּגאָט. איז וואָס, דענקסטו, אַז די נאַטור זאָל אויך זיין אַ נאַר און ניט צו־נעמען פון אים די קראַנקהייט דערפאַר, וואָס יענער איז אַ נאַר און בעט צום אָפּגאָט?!...

און דערפאַר האָט די תורה אָנגעזאָגט צו פאַרטיליקן די אָפּ־געטער פון די פעלקער, כדי די אידן זאָלן אויך ניט פאַרנאַרישט ווערן דורך זיי, אַזוי ווי יענע פעלקער, וואָס גלויבן אין זיי.

———:———

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש
(וועלכע מע באנוצט אין אידיש)

**ויסעו... ויחנו...** (און זיי האָבן געצויגן, און זיי האָבן גערוט):
מ׳זאָגט עס אויפן מזל פון אידן, אַז מ׳לאָזט זיי ניט איינזיצן קיינמאָל אויף איין אָרט...

**עיר מקלט** (ערי מקלט) (אַ שטאָט צום אַנטלויפן):
מ׳זאָגט עס אויך מיט׳ן לשון "מקום מקלט", אַנ׳אָרט וואוהין מ׳אַנטלויפט פאַר אַנ׳אומגליק.

**גואל הדם** (אַנ׳אויסלייזער פון בלוט):
מ׳זאָגט עס אויף איינעם, וואָס נעמט זיך אָן די קריוודע פון זייענעם אַ פריינט: "ער איז יענעמ׳ס גואל הדם!"

**לטוב בעיניהם** (צו דעם וואָס איז גוט אין זייערע אויגן):
אָנשטאָט: צו דעם וואָס איז זיי געפעלן. אויך: "לטוב בעיניך".

—::—